געהיים

צום שעף פון ווירטשאפטספערוואלטונגסהויפטאמט ס. ס.
ס. ס. אבערגרופנפירער פאהל.

בערלין

1) איך פאראָרדן צו שאפן א קאנצענטראציע־לאגער אין ווארשעווער־געטאָ.

2) אין דעם דאזיקן לאגער דארפן ווערן צונויפגעבראכט אלע יידן, וואס געפינען זיך אין ווארשע. ארבעטן אין פריוואטע פאבריקן איז פאר יידן פארבאטן.

3) די ביז־איצטיקע פריוואטע פאבריקן פון ווארשעווער געטאָ דארפן ווערן איבערגעפירט אין דעם קאנצענטראציע־לאגער (מלוכה־פאבריקן).

4) דער גאנצער ווארשעווער קאנצענטראציע־לאגער מיט אלע זיינע איינוווינער דארף וואס שנעלער איבערגעפירט ווערן קיין לובלין און אומגעגנט בתנאי אבער, אז די פראדוק־ציע וועט נישט ליידן.

אונטערשריפט: הימלער

איבערשיקן צו קענטניש דעם ס. ס. — א. ג. — פירער קריגער קיין קראקע.
אונטערשריפט בראנדט, ס. ס. — א. ש. ב. — פירער

דאקומענט נומ. 4

דער רייכספירער ס. ס.
לויף־נומער 43, 33, 38

פעלד־קאמאנדאנט־ארט
16־טן פעברואר 1943
פערזענלעכער שטאב פונם רייכספירער ס. ס.
ארכיוו
נר. אקט. געהיים 343

געהיים

צום הערן ס. ס־און פאליציי־פירער — מזרח, ס. ס. אבערגרו־פנפירער קריגער

קראָקע

מחמת זיכערקייט ־ טעמים פאראָרדן איך צו צעשטערן דעם ווארשעווער געטאָ נאכן איבערפירן דעם קאנצענטראציאָנס־לאגער. ס׳דארפן ווערן פארהאלטן אלע נאך נוצלעכע הייזער, טיילן און אנדערע מינים מאטעריאלן.

הן די צעשטערונג פון געטאָ און הן די איבערפירונג פון קאנץ־לאגער זיינען נויטווענדיק, ווייל אין קעגנפאל וועלן מיר קיינמאל נישט בארואיקן ווארשע און אין פאל, ווען דער געטאָ וועט פארבלייבן, וועט מען נישט קאנען אויסראטן די פאר־ברעכערישקייט.

כ׳בעט, מיר פארשטעלן אן אלגעמיינעם פלאן וועגן דער געטאָ־צעשטערונג. מ׳דארף לכל־הדעות דערגרייכן דאס, אז פון דער ערד־אויבערפלאך זאלן פארשווינדן די ביזאיצטיקע וווין־ערטער פאר 500.000 אונטערמענטשן, וואס וואלטן אין קיין פאל נישט געטויגט פאר דייטשן, און אויך דאס, אז די מיליאנען־שטאט ווארשע וואס איז נאך אלץ א מסוכנדיקער ארט פון צעפאלונג און מרידה, זאל פארקלענערט ווערן.

אונטערשריפט: הימלער

2) דער שעף פון זיכערקייט־פאליציי און ס. ד. באקומט אן אפ־שריפט און נעמט עס צו קענטניש.

א. א.

אונטערשריפט:
ס. ס. — א. ש. ב. פירער

דאקומענט נומ. 5

געהיים 43, 32, 8
אנגעבן ביי דער תשובה
שטעמפל
קראקע 1943.6.2
בנין פון דער רעגירונג

געהיים

נוגע: ענד־ראפארט וועגן אקציע געטאָ־ווארשע
בשייכות:
ביילאגע. 1.
צום
רייכספירער ס. ס. און שעף פון דער דייטשער פאליציי היינריך הימלער.

בערלין ס. וו. 1

רייכספירער!

בייגעלייגט שיק איך אייך איבער דעם ענד־ראפארט פונעם בריגאדעפירער ס. ס. און גענ. — מאיאר פון דער פאליציי שטראָפ וועגן אנטייל פון ס. ס. און פאליציי אין דער אפריי־ניקונגסאקציע, וואס איז געווארן דורכגעפירט אין ווארשעווער געטאָ במשך פון 19־טן אפריל ביזן 16־טן מאי 1943.

הייל היטלער
אונטערשריפט:
(—) קריגער
ס. ס. — א. ג. — פירער
פאליציי־גענעראל

דאקומענט נומ. 6

רייכספירער ס. ס. פון פעלד־קאמאנדע־ארט 11־טן יוני 1943
רייכסיפרער ס. ס. פון פעלד־אפשטעל־ארט
דעם 11־טן יוני 1943

1) צום שעף פון ס. ס. ווירטשאפטספערוואלטונגסהויפטאמט
2) צום שעף פון דער זיכערקייטספאליציי און ס. ד.

כ׳פאראָרדן: צו פארוואנדלען די תפיסה אויף דזיעלנע גאס אינם געוועזענעם ווארשעווער געטאָ אין א קאנצענטראציע־לאגער. די ארעסטאנטן וועלן האבן די אויפגאבע צו קלייבן און סדרן מיליאנען ציגל, אייזן־ברוך און אנדערע מאטער־יאלן, וועלכע געפינען זיך אינם געוועזענעם געטאָ. די תפיסה־ניקעס, וואס ווערן באנוצט צו דער דאזיקער ארבעט דארפן זיך געפינען אונטער א ספעציעלער אויפזיכט.

דער העכערער ס. ס. און פאליציי־פירער־מזרח און ס. ס.

און פאליציי־פירער ווארשע דארפן אפהיטן, אז דער שטאט־שטח פונם געוועזענעם געטא זאל ווערן פולקאם ניוועלירט. יעדער קעלער און יעדער קאנאל דארפן ווערן פארשאטן. נאכן פארענדיקן די ארבעטן דארף מען אויף דעם דאזיקן געביט אָנשיטן ערד און איינאָרדענען א גרויסן פארק.

3) צו דער ידיעה פונם העכערן ס. ס. — און פאליציי פירער־מזרח / קריגער / ווי אויך

4) ס. ס. — און פאליציי־פירער־ווארשע / שטראָאָפּ /

דאקומענט נומ. 7

**רייכספירער ס. ס. און שעף פון דער דייטשער פאליציי**

**ס. ס. — ווירטשאפטספערוואלטונגסהויפטאמט**

ארטיקער טעלעפאן 61—57—76

צווישן־שטאטישער טעלעפאן 01—51—76

בערלין דעם 23־טן יולי 1943

ליכטערפעלדע־וועסט

נוגע: איינאָרדנען א קאנץ־לאגער אין געוועזענעם ווארשע־געטא

צום בריוו: באפעל פון 11־טן יוני 1943

צום רייכספירער ס. ס.

**בערלין ק. וו. 11**

פרינץ־אלברעכט־גאס נר. 8

רייכספירער!

איך מעלדע, אז דער קאנצענטראציע־לאגער איז געגרינדעט געווארן אין ווארשעווער געטא דעם 19־טן יולי 1943.

אלס לאגער־קאמענדאנט האב איך באשטימט דעם ס. ס. — אבערשטורמפירער געקע, וואס האט די לעצטע חדשים באקומען פראקטיק אין קאנצענטראציע־לאגער מאטהאאוזען.

בהסכם מיטן באפעל וועלן די ארעסטאנטן ווערן באנוצט צו באזייטיקן און זאמלען מאטעריאלן. די פארגרעסערונג פון דער צאל תפיסהניקעס וועט קומען שנעל, נאכן אויסבויען ווייטערדיקע וווין־ערטער. די ארבעטן אין געוועזענעם געטא ווערן געפירט אין גענויער פארשטענדיקונג מיטן ס. ס. — און פאליציי־פירער אין ווארשעווער דיסטריקט ס. ס. בריגאדע־פירער שטראָאָפּ.

אונטערשריפט: פאהל

ס. ס. — א. ג. — פירער און גענ־ס. ס.

דאקומענט נומ. 8

ס. ס. ווירטשאפטספארוואלטונגסהויפטאמט

ארט־טעלעפאן 765261

טעלעפאן מחוץ דער שטאט 768101

דיקטאנדאָ־סימן: CV/4-Sq 38/11/Pr/W

בערלין, 29 אקטאבער 1943

ליכטערפעלדע — וועסט

שטעמפל: פערזענלעכער שטאב פון

רייכספירער, קארעספאנדענץ־פארוואלטונג

אקט נומ. געהיים / 343

נוגע: אויסגלייכונג פון ווארשעווער געטא

ביילאגע: 1

צום רייכספירער ס. ס.

בערלין S W 11

פרינץ־אלברעכט־גאס 8

רייכספירער!

בייגעלייגט שיק איך אייך איבער א ראפארט וועגן די ארויסגעגעבענע ביז איצט פאראָרדנונגען בנוגע דעם אויסגלייכן דעם / שטח פון / ווארשעווער געטא.

הייל היטלער

אונטערגעשריבן: פאהל,

ס. ס. אבערגרופענפירער און גענעראל

דער וואפען ס. ס.

דאקומענט נומ. 9

ס. ס. ווירטשאפטס־פארוואלטונגסהויפטאמט,

בערלין 29 אקטאבער 1943

שטעמפל: פערזענלעכער שטאב פון רייכספירער

אקט נומ. געהיים / 343

ר א פ א ר ט

וועגן די ביז איצט ארויסגעגעבענע פאראָרדענונגען בנוגע דעם אויסגלייכן דעם / שטח פון / ווארשעווער געטא.

באריכט־אפגעבער: ס. ס. בריגאדעפירער ד״ר אינזש. קאממלער

ס. ס. הויפטשטורמפירער פרינצל

1) **אמטלעכע איניציאטיוו**

דער רייכספירער ס. ס. האט באפוילן דעם 11 יוני 1943 דאס אויסגלייכן דעם שטח פון ווארשעווער געטא. די טעכנישע דורכפירונג פון דער פאראָרדנונג איז געווארן איבערגעגעבן דעם ס. ס. ווירטשאפטס־פארוואלטונגסהויפטאמט, אפטיילונג C. דאס צושטעלן פון אסירים פירט אדורך די אפטיילונג B.

2) **ארט און תוקף פון די פאראָרדנונגען.**

דער ווארשעווער געטא פארנעמט א שטח פון 320 העקטאר. פון דער דאזיקער אויבערפלאך האט מען ביז איצט אפגעגעבן דער ציוויל־פארוואלטונג 120 העקטאר. די פארניכטעטע אויבערפלאך, וואס דארף ווערן אויסגעגליכן, באטרעפט 180 העקטאר.

די געביידעס וואס מען דארף צעשטערן, נעמען ארום 12 מיליאן קוביק מעטער פון פארבויטן שטח. עס דארפן ווערן צעשטערט צירקא 2.640.000 קוביק מעטער מויערן.

אין די געביידעס זאלן זיך געפינען גרעסערע סכומים פון ברוך־אייזן.

3) **די ארויסגעגעבענע פאראָרדנונגען**

כדי דעמאנטירן און ארויספירן די צונויפגעזאמלטע מאטעריאלן זענען ארויסגעגעבן געווארן פאלגנדיקע פאראָרדנונגען.

**בוי GB**

עס איז ארויסבאקומען געווארן פון רייכסמיניסטער שפעער פאלגנדיקער פארצוג־נומער אלס דרינגנדיקער: גענעראל־גווערנאמענט: 1. 43 Z up

**פירמעס**

בהסכם מיט "GB באו" "הויפטאויסשוס באו" זענען די ווייטערדיקע פירמעס באשעפטיקט געווארן / ביי ארבעטן אין געטא / — אונטער דער לייטונג פון דער פירמע מערקלער אסטראָווא (ווארטעגאו), "אסטדייטשישע טיפבאו" געזעלשאפט מיט באגרענעצטער האפטונג נאומבורג באבער — וויללי קיימער, ווארשע, בערלינער בויגעזעלשאפט, בערלין.

די דערמאנטע פירמעס האבן אויף זיך גענומען די התחייבות צו צעשטערן און ארויספירן 4.500 קוביק מעטער טעגלעך.

ביז דעם 15 אקטאבער 1943 האָט מען באנוצט פאלגנדיקע איינריכטונגען:

10 באגערס

15 קמ. רעלסן

400 וואגאנעטקעס

20 לאקאמאטיוון.

היות ווי ס'איז נישט מעגלעך דאס באזארגן די דערמאנטע מאשינען מיט ברענשטאף, האט מען 80% איבערגעשטעלט אויף פארע און עלעקטריציטעט, 20% אויף ראפע. די נויטיקע דיזל-מאשינען האט מען פארזיכערט אלס רעזערוו.

אין איצטיקן מאמענט ווערן געפירט אונטערהאנדלונגען מיט דער "אסט-באן" מכוח אדורכפירן אויפן שטח פון געטא, וואס דארף צעשטערט ווערן, א נארמאלן באן-וועג און אזוי ארום דערמעגלעכן דאס ארויספירן די צעשטערטע מאסיוון צום אוממיטלבארן נוצן פון דער "אסט-באן".

צו דער ארבעט האט מען ביז איצט באנוצט 1500 ארעסטאַנטן. גלייך נאכן אנקומען פון די איינריכטונגען דארף מען באשעפטיקן 2.000 אסירים. אויסער דעם ארבעטן אלס געדונגענע ארבעטער 145 דייטשן און 400 פאליאקן. די פירמעס וועלן באשעפטיקן אין דער נאנטסטער צייט 240 געשולטע ארבעטער און מאשיניסטן, 30 טישלער-מייסטערס, 30 מענטשן פון טעכנישן און האנדלס-פערסאנאל.

כדי אופצונעמען די ארעסטאנטן וועט איינגעארדנט ווערן אויפן שטח פון געטא א קאנצענטראציע-לאגער.

דער בוי פון לאגער וועט ווערן פארענדיקט אין 3 אפשניטן:

1. בוי אפשניט ביזן 15 נאוועמבער 1943
2. " " ביזן 31 יאנואר 1944
3. " " ביזן 28 פעברואר 1944

די טעגלעכע ארבעטס-אויסגעביקייט פון די באשעפטיקטע פירמעס ביי דעם איצטיקן מצב פון מאשינען-אינווענטאר און ארבעטס-כוחות דארף באטרעפן 4.500 קוביק-מעטער. ביים באריקזיכטיקן די צייט פון פלאנירטן פארענדיקן / די ארבעטן / דעם 1.8.44, וועט דאס באטרעפן דעם קיילעכדיקן סכום פון 1.100.000 קוביק-מעטער צענומענע מויערן.

דער רעשט 1.540.000 קוביק-מעטער מויער דארף אין משך פון דער צייט אויסגעגליכן ווערן מיט דער ערד. נאכן אראפרעכענען 30 העקטאר אויף דעם קאנצענטראציע-לאגער און ארום 20 העקטאר אויף וועגן, וועט דער שטח געהעכערט ווערן מיט די מאסן פון גרוז אויף א 1,20 מעטער. דער גרוז דארף ווערן באדעקט מיט אפפאלן פון דער שטאט, מיט אש און צואה, און דאן פארזייט.

די קאסטן פון די ארבעטן ווערן געשאצט אויף א קיילעכדיקן סכום פון 150 מיליאן. די סומע אנטהאלט אין זיך פאלגענדיקע

פאזיציעס:

1. די צעשטערונג פון 12 מיליאן קוביק-מעטער פארבויטן שטח אריינרעכנדיק דאס אויפבויען א קאנצענטראציע-לאגער צי 11,50 מארק — 138,000.000
2. דאס ארויספירן א 1,100.000 קוביק מעטער גרוז צו 8 מארק — 8,800.000
3. דאס אויסגלייכן פון 120 העקטאר, דאס באדעקן ווי אויבן געשריבן און דאס פארזייען צו 10.000 מארק פאר העקטאר 1,200.000
4. בוי-איינריכטונגען, דאס פאנאנדערלייגן די רעלסן און דאן דאס אראפנעמען זיי 2,000.000

דער ווערט פון די ארויסבאקומענע מאטעריאלן ווערט געשאצט אויף 5 מיליאן מארק. צוליב די ספעציפישע באדינגונגען אויפן שטח פון ווארשע קען מען נישט רעכענען אויפן באקומען דעם גלייכווערט אין געלט, מחמת דאס ארגאניזירן פון ארויספירן / די מאטעריאלן / דורך מיליטער-לייט אדער ציווילע מענטשן איז מעגלעך נאר פאר אומזיסטער ליפערונג פון די דאזיקע מאטעריאלן.

אונטערגעשריבן: פאהל

דאקומענט נומ. 10

ס. ס. ווירטשאפטס-פארוואלטונגסהויפטאמט, בערלין דעם 13 פעברואר 44

## באריכט

וועגן גאנג פון די ארבעטן ביים צעשטערן דעם ווארשעווער געטא.

באריכט-אפגעבער: ס. ס. גרופנפירער און גענעראל פון וואפן ס. ס. ד"ר אינזש. קאממלער, ס. ס. שטורמבאנפירער פרינצל.

1. **די אויסגעפירטע ארבעטן**

צום צעשטערן איז באשטימט ס"ה 12 מיליאן קוביק-מעטער פארבויטן שטח. פון דעם האט מען ביז איצטער צעשטערט 3,750.000 קוביק-מעטער. דער חודשלעכער דורכשניט באטרעפט איצט 1.770.000 קוביק-מעטער.

פון גרוז זענען צונויפגעזאמלט געווארן די ווייטערדיקע מאטעריאלן:

13,6 מיליאנען ציגל

2,900 טאן ברוך-אייזן

210 טאן פארברויך-אייזן

71 טאן נישט אייזערנע מעטאלן — קופפער, מעש און בליי-ברוך.

2. **די באשעפטיקטע ארבעטס-כוחות**

דייטשן 58

פאליאקן 1.246

אסירים 2.040

צוזאמען 3.344

3. **דער צוגעשטעלטער מאשינען-פארק דורך די באשעפטיקטע פירמעס**

7 באגערס; עס ארבעטן 4, דער רעשט געפינט זיך אין מאנטאזש

18 שלעפער

360 וואגאנעטקעס

19.1 קמ. רעלסן

וואס שייך באגרעס, וואגאנעטקעס און שלעפערס, האט מען מחמת טראנספּראַט־שוועריקייטן נישט דערגרייכט די פלאנירטע ציפערן. די ביים אנהויב נויטיקע צאל רעלסן איז איבער־געשטיגן געווארן מיט 4,1 ק"מ.

4. **דאס ארויספירן פון צעשטערטע מאטעריאלן**

דאס ארויספירן פון גרוז קומט פאר נאר טיילווייז, מחמת פון איין זייט באזיצן נישט די באשעפטיקטע אונטערנעמער קיין קאמפלעטן אינווענטאר, פון דער צווייטער זייט האט נאך די "אסטבאן" נישט פארענדיקט דעם בוי פון דער זייטן־ראמפע. דאס ארויספירן מיט דער הילף פון טראמווייען האט געמוזט ווערן אפגעשטעלט, ווארעם צוליבן פארמאכן דעם לאגער, איז אין אויגנבליק נישט פאראן קיין אסירים צו דער ארבעט.

5. **דער בוי פון קאנצענטראציע־לאגער**

דער ערשטער בוי־אפשניט איז פארענדיקט אויף 95%

דער צווייטער " " " " 60%

פון אויספארטיקן דעם 3־טן בוי־אפשניט האט מען רעזיגנירט מחמת עס וועלן באשעפטיקט ווערן במקום 10.000 נאר 5.000 אסירים, וועלכע מען וועט קאנען איינקווארטירן אין ערשטן און צווייטן אפשניט. פון באשעפטיקן [ווייטערדיקע] 5.000 אסירים האט מען רעזיגנירט מחמת עס האט זיך ארויסגעוויזן פאר מעגלעך דאס באשעפטיקן 1.200 פאליאקן.

6. **טערמין**

דער טערמין ביזן 1 אויגוסט 1944 וועט ווערן איינגעהאלטן אויב עס גייט וועגן א לחלוטינדיקן דעמאנטאזש ד. ה. אויפרייסן די הייזער. דאס אפטראנספארטירן פון גרוז וועט נישט מעגלעך זיין, אין הסכם מיט דעם וואס איז שוין געזאגט געווארן אין לעצטן באריכט. די איבערגעבליבענע מאסן גרוז וועלן ווערן אויסגעגליכן אויפן ארט און וועלן ווי ווייט מעגלעך ווערן צוגעדעקט מיט אש און פעקאליען, און פארזייט.

אונטערשריפט: פאהל

דאקומענט 11

בערלין 19 אפריל 1944

ס. ס. ווירטשאפטס־פארוואלטונגסהויפּטאמט

CV/4—GG—38/11/Fz/Do

געהיים 773—B

געהיים

**באריכט**

וועגן גאנג פון די ארבעטן איבערן צעשטערן פון ווארשעווער געטא.

באריכט־אפגעבער: ס"ס גרופנפירער און גענעראל לייטנאנט פון וואפן ס"ס ד"ר אינזש. קאממלער.

1. **די אויסגעפירטע ארבעטן**

צום צעשטערן איז באשטימט בערך 12 מיליאן קוביק־מעטער פארבויטן שטח. פון דעם איז צעשטערט און אויפגעריסן געווארן 6,730.000 קוביק־מעטער. פון דעמאנטאזש זענען ביז איצט אפגעליפערט געווארן פאלגנדיקע מאטעריאלן:

22,5 מילאן ציגל;

5006 טאן ברוך־אייזן, וואס איז טיילווייז פארמאגאזינירט און טיילווייז תיכף צוגעשטעלט געווארן צום איבערארבעטן;

645 טאן פארברויכס־אייזן, וואס איז פארמאגאזינירט געווארן;

76 טאן קופער, מעש און בליי־ברוך.

2. **די באשעפטיקטע ארבעט־כוחות.**

65 דייטשן (רייכס־דייטשן)

2.430 פאליאקן

2.180 אסירים

4.675 צוזאמען

3. **אינווענטאר, וואס איז ביז איצט צוגעשטעלט געווארן דורך די אנגאזשירטע פירמעס:**

13 באגערס, ארבעטן 7, דער רעשט אין מאנטאזש

22 שלעפערס

420 וואגאנעטקעס

28,7 קמ. רעלסן, פון וועלכע ס'זענען אויסגעלייגט געווארן 16,5 ק"מ, [פארבליבן] צום אויסלייגן: 12,2 ק"מ.

צוליבן מאנגלהאפטן טראנספארט פעלט די באזונדערע פיר־מעס נאך אלץ טייל פון זייער גרויסן אינווענטאר. אזוי ארום קאן ער נישט אין זיין גאנצקייט אריינגעצויגן ווערן אין דער ארבעט.

4. **דאס ארויספירן דעם אויפגעריסענעם מאטעריאל**

52.000 קוביק מעטער גרוז אויף מיסטהויפנס

8.000 קוביק מעטער גרוז זענען ארויסגעפירט געווארן מיט די טראמווייען און באן.

אין שייכות מיטן שליסן דעם לאגער פעלן אויס אסירים צום לאדעווען, האט מען געמוזט צייטווייליק אפשטעלן דאס ארויס־פירן דעם גרוז מיטן טראמוויי. אויך דאס ארויספירן דעם גרוז מיט דער "אסט־באן" איז אפגעשטעלט געווארן צוליב דעם, וואס עס ווערט איצט אדורכגעפירט אין א גרויסן מאשטאב דאס איבערבויען רעספעקטיוו דאס פארלענגערן פון דער זייטן־ראמפע.

דאס אפטראנספארטירן פון גרוז איז געווארן ברייטער פאנאדערגעבויט. די טעגלעכע אויסגעביקייט באטרעפט לעת עתה 1.100 קוביק מעטער גרוז.

5. **דער בוי פון קאנצענטראציע־לאגער**

דער 1־טער בוי־אפשניט איז אויסגעפארטיקט געווארן אויף 98%

דער 2־טער אפשניט איז אויסגעפארטיקט געווארן אויף 75%

פון אויספארטיקן דעם 3־טן בוי־אפשניט האט מען רעזיגנירט, אין הסכם מיט דעם וואס ס'איז פארגעשטעלט געווארן אין לעצטן באריכט.

6. **טערמין**

דער טערמין ביזן 1 אויגוסט 44 וועט ווערן איינגעהאלטן אויב עס גייט וועגן גאנצן דעמאנטאזש, ד. ה. אויפרייסן די הייזער. דאס ארויספירן פון גרוז וועט נישט זיין מעגלעך אינגאנצן, ווי דאס איז שוין פעסטגעשטעלט געווארן אין פריערדיקן באריכט. א טייל פון איבערגעבליבענעם גרוז וועט אזוי ארום ווערן אויסגעגליכן אויפן ארט און ווי ווייט מעגלעך צוגעדעקט מיט אש און צואה און פארזייט. צוליב דער דויערנדיקער נאך אלץ קוואראנטאנגע אין לאגער קאן מען נישט באשעפטיקן א אנטשפרעכנדיקע צאל אסירים ווי ארבעטס־כוחות. דער דאזי־

קער מחסור ווערט דערווייל אויסגעפילט דורך דער פארגרע־סערטער באשעפטיקונג פון פוילישע ארבעטס־כוחות.

אויסגעשטעלט אין בערלין דעם 19 אפריל 1944

ס״ס — ווירטשאפטס־פארוואלטונגסהויפטאמט.

שעף פון אפטייל C

אונטערשריפט

ס״ס גרופנפירער און גענעראל לייטנאנט פון וואפן ס״ס

דאקומענט נומ. 12

בערלין 10 יוני 1944

ס״ס ווירטשאפטס־פארוואלטונגסהויפטאמט

געהיים

## באריכט

וועגן מצב פון די ארבעטן אויפן פארשלאסענעם געביט פון ווארשע.

באריכט אפגעגעבער: ס״ס גרופנפירער און גענעראל־לייטנאנט פון וואפן ס״ס ד״ר אינזש. קאממלער.

1. **דורכגעפירטע ארבעטן**

צום צעשטערן איז באשטימט ס״ה ארום 12 מיליאן קוביק מעטער פארבויטן שטח. ביז איצט איז פונאנדערגענומען און אויפגעריסן געווארן ארום 10 מיליאן קוביק־מעטער. ביזן 1 יוני 44 זענען פארזיכערט געווארן די ווייטערדיקע מאטעריאלן:

34.000 ציגל

805 טאן מעטאל (קופער, מעש, בליי־ברוך)

1.300 טאן פארברויכס־אייזן אויפן לאגער

6.004 טאן אייזן־ברוך, טיילווייז אויפן לאגער, טיילווייז אפגע־געבן צום איבעראַרבעטן.

2. **די באשעפטיקטע ארבעטער־כוחות**

צוליבן מאנגל פון אסירים אין א גענוגנדיקער צאל האט מען באשעפטיקט אונטערנעמונגען, וואס דיספאנירן מיט פוילישע און פרעמדע ארבעט־כוחות.

34 דייטשן (רייכסדייטשן)

**2.845 פאליאקן**

צוזאמען 2.879 (1.796 האנדארבעטער)

3. **דער באנוצטער אינווענטאר**

7 באגערס מיט דאמפ־קראפט

1 באגער מיט עלעקטרישע קראפט

ניי מאנטירטע

1 דיזל — באגער

18 שלעפערס — 4

555 וואגאנעטן — 135

294 ק״מ רעלסן + 12,9

עס איז נאך אלץ א מאנגל אין א גענוגנדיקער צאל ברענ־שטאפן, אזוי אז א טייל פון פאראנענעם איינוועטאר ווי שלע־פערס און באגערס וועלן נישט קאנען ווערן באנוצט.

4. **ארויספירן פון געשפרענגטן מאטעריאל**

105.000 קוביק מעטער גרוז אויף מיסט־הויפנס + 53.000

26.400 " " איז ארויסגעפירט געווארן מיטן טראמוויי און באן + 18.400.

דאס אנגעהויבענע ארויספירן פון גרוז מיטן טראמוויי האט געמוזט אפגעשטעלט ווערן צוליבן מאנגל פון אסירים און שומרים. עס איז ווידער באנייט געווארן דאס ארויספירן מיט דער באן און באטרעפט אין איצטיקן מאמענט 800 קוביק מעטער טעגלעך. מיר האבן בדעה צו העכערן די טעגלעכע אויסגעביקייט ביז 2.000 קוביק מעטער. דאס ארויספירן אויף די מיסטהויפנס קומט פאר דורך 4 ראמפעס, די פערטע וועט קאנען ווערן באנוצט פון דער העלפט יוני.

5. **דער בוי פון קאנצענטראציע לאגער**

דער קאנצענטראציע־לאגער איז איצט פארטיק צום באנוצן און וועט ווערן בקרוב גענוצלעך באזעצט.

6. **טערמין**

דער טערמין ביז צום 1 אויגוסט וועט קאנען ווערן איינגע־האלטן ביים באנוצן א צוגאב־צאל אסירים. אין חודש מאי האט מען בכלל נישט געקאנט באשעפטיקן אסירים צוליב דער קוואראנטאנע אין ווארשעווער לאגער.

דער מאנגל אין אסירים ווערט לעת עתה ווערן אויסגעפילט דורך א פארגרעסערטער באשעפטיקונג פון פוילישע ארבעטער־כוחות.

די איצטיקע אויסגעביקייט אין דער הויך פון 3.050 קוביק מעטער קאן ווערן געהעכערט ביז 8.000 קוביק־מעטער ביי דער פארגרעסערטער באשעפטיקונג פון די אסירים.

אויסגעשטעלט אין בערלין דעם 10 יוני 1944

ס״ס ווירטשאפטס־פארוואלטונגסהויפטאמט

שעף פון אפטיילונג C

אונטערשריפט

ס״ס אבערגרופנפירער און גענעראל לייטנאנט דער וואפן ס״ס

דאקומענט נומ. 13

## טעלעגראם

געהיים 9076 29 / 7 1700 SWVS

געהיים נומ. Geh. 368 / 17 / 44

צום פערזענלעכן שטאב פון רייכספירער ס״ס שטאנדארטענ־פירער ד״ר בראנדט בערלין SW 11, פרינץ־אלברעכט־גאס 8

בוגע: צעשטערונג פון ווארשעווער געטא.

טייערער קאלעגע ד״ר בראנדט. לויטן ראפארט פון דער צענטראל־בוי־אנפירערשאפט אין ווארשע, מוז זי זיך איצט אויפן באפעל פון העכערן ס״ס און פאליצייפירער אריבער־טראגן קיין קוטנע, אזוי אז די ארבעטן אין ווארשעווער געטא האבן געמוזט ווערן אפגעשטעלט. דער דעמאנטאזש וואלט פראקטיש געקאנט אויסגעפירט ווערן אין טערמין, די ארבעטן ביים אויסגלייכן דעם שטח וואלטן דאקעגן נישט געקאנט פארענדיקט ווערן. ביטע וועגן דעם מעלדן דעם רייכספירער ס״ס.

הייל היטלער, אייער קאממלער

SS W V H / Wirtschaftsverwaltunghauptamt / Berlin

ישראל בן־דב

# פוילישער אנטיסעמיטיזם אין די יארן 1939—1946

נאך אין דער צייט ווען פוילן איז געווען צעטיילט צווישן די דריי גרויסמאכטן, האט ראמאן דמאווסקי נישט געזען דעם שונא פון פוילן אין צארישן אימפעריאליזם, נאר אין די יידן. זיין פארטיי, די נאציאנאלע דעמאקראציע (ענדעציע) האט אויף איר פאן אנגעשריבן אלס הויפט־לאזונג דעם קאמף קעגן יידן.

אט די דאזיקע פארטיי, די ענדעציע איז ביזן סוף געווען די הויפט־טרעגערין פון די אנטיסעמיטישע אידייען אין פוילן. טאג איין, טאג אויס פלעגן אירע פילצאליקע צייטונגען פארשפרייטן אנטיסעמיטישן גיפט צווישן די מאסן.

צווישן פוילישן און היטלעריסטישן אנטיסעמיטיזם איז געווען אן אונטערשייד. טראץ דעם אכזריות פון פוילישן אנטיסעמיטיזם האט ער זיך נישט געשטעלט די אויפגאבע אויסצוהרגענען די פוילישע יידן. צווישן די אנטי־יידישע לאזונגען פאר דער מלחמה זענען געווען אזעלכע ווי "פוילן פאר פאליאקן!", "פאר א פוילן אן יידן", "יידן זענען פיינט פון פוילן", "יידן קיין פאלעסטינע!".

די לאזונג וועגן יידן־אויסראטונג האבן מיט זיך געבראכט די דייטשן, ווען זיי האבן אקופירט אייראפע. ביי אלע אונטערוואכטע פעלקער האבן זיי געזוכט שותפים צום פארברעכן לגבי די יידן. געווען פעלקער, וואס האבן זיך ממש אנטקעגנגעשטעלט דער דאזיקער פאליטיק פון באצווינגער. עס איז געגוג צו דערמאנען די דענער, וועלכע האבן אין דער לעצטער מינוט געראטעוועט די יידן פון דעפארטאציע, עוואקוירנדיק זיי אין איין נאכט קיין שוועדן.

אנדערש האט אויסגעזען די לאגע און אנדערע זענען געווען די באדינגונגען אין פוילן, ווו די אנטי־יידישע טראדיציע האט געלאזט טיפעווארצלען און ווו געבעלסעס אנטיסעמיטישע רעדעס האבן געפונען א גינסטיק אויער. די דייטשן איז געגאנגען אין אנטוואפענען און נייטראליזירן דאס פוילישע פאלק, מאכן עס גלייכגילטיק צום גורל פון די יידן און געווינען מיטבאטייליקטע, צוהעלפער. די אנטי־יידישע פראקטיק האט געדארפט פארוואנדלען די פאליאקן פון בלוטיקע שונאים אין פארבינדעטע פונעם דייטשן רייך.

די אונטערערדישע קאמוניסטישע צייטונג "נאווע דראגי" האט וועגן דעם דאזיקן ענין געשריבן: ... "מיט פארשיידענע וועגן דערגרייכט די היטלעריסטישע פראפאגאנדע צו דער אמווינציקסטן ווידערשטאנדספעיקער טייל פון אונדזער געזעלשאפט. זי באצויבערט די יוגנט מיט די דערגרייכונגען פון ברוטאלן כוח, ציט צו מיט חנפענען זיך צו זייערע נידעריקסטע אינסטינקטן, אטאקירט אויף אן אידעאלאגישן אופן. אט דער שטורעם פון דער זייט מאכט א דראענדיקן דורכברוך אין פראנט פון אונדזער ציווילן קאמף, ווייל ער טרעפט אין דער שוואכסטער פאזיציע. עס עקזיסטירט — צום באדויערן — א פארשטענדיקונגס־בריק צווישן א טייל פון אונדזער געזעלשאפט און דעם אקופאנט. דאס איז צוו. אנד. די "יידן־פראגע". אויף דעם פלאך געפינען מיר זיך מיטן פיינט אין א בשותפותדיקער ריי, מיר נעמען איבער זיינע מעטאדן, מיר ווערן אנגעשטעקט מיט זיין קראנקער פסיכיק. נישט לאנג האט זיך אויף דער אלייע יערזאלימסקע צונויפגעזאמלט א המון ארום צוויי קליינע יינגלעך פון געטא, וועלכע האבן בוכשטעבלעך געחלשט פון הונגער. צווישן המון איז געשטאנען א יינגל אפשר צען יאר אלט און האט זיך צוגעקוקט. ווען א דורכגייער האט דערלאנגט די הונגעריקע קינדער 50 גראשן, האט זיך דער יינגל אויפגערעגט: "וואס טוט איר, דאס זענען דאך יידן!..." און די געדענקבארע אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען ארום פסח פון פארגאנגענעם יאר, אין וועלכע עס האט אקטיוו אנטייל גענומען די פוילישע יוגנט... און די פוילישע קינדער, וועלכע בארויבן יידישע קינדער ביי די טויערן פון געטא, ווען זיי קערן זיך צוריק מיט אויסגעבעטלטע עסנווארג. און די פיר יאטן, די גימנאזיסטן, וועלכע האבן צוזאמען מיט די געסטאפאווצעס געראבעוועט אין יידישע הייזער אין געטא..."

אין י. 1942 איז דערשינען א בראשור, ארויסגעגעבן אין אקופירטן פוילן דורך די אנטיסעמיטן פון "נארא". אין דער בראשור, וועלכע ציילט 167 זייטן, ווערט צוו. אנד. געזאגט.

"דער געמיינזאמער פעלער פון ביידע פריערדיקע פוילישע קאנסטיטוציעס איז געווען דאס, וואס זיי האבן געגעבן גלייכע פאליטישע רעכט אלע איינוווינער, אלזא אויך די נאציאנאלע מינדערהייטן. די איינציקע אייגנטלעכע און נישט פחדנותדיקע לייזונג איז צו געבן פאליטישע רעכט בלויז א פאליאק. די יידן וועלן באטראכט ווערן אלס אויסלענדער."

"צו וואס פאר א פוילן גייען מיר" — אונטער אזא קעפל האט די צייטונג "זשעטשפאספאליטא פאלסקא" פון 22־טן יאנואר 1942 געשריבן, אז זי איז מסכים מיט דער רעגירונגס־דעקלאראציע וועגן רעכט פאר נאציאנאלע מינדערהייטן, זי האט אבער צוגעגעבן פון זיך, אויסרעכענדיק א ריי וויכטיקע ענינים צום דערלידיקן אין צוקונפטיקן פוילן:

"...דאס רעגולירן די יידן-פראגע אויף אזא אופן, עס זאל זיין אין איינקלאנג מיט די קריסטלעכע טראדיציעס פון דער פוילישער פאליטיק, אבער גלייכצייטיק אזוי, אז זי זאל אויפהערן צו זיין א סיבה, וועלכע מאכט פון אונדז א צעקאלעטשעט פאלק, וואס האט טיפע ליידן פון דעם, אז די דיספאזיציע אין פיל געביטן פון אונדזער ווירטשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן ליגט אין פרעמדע הענט".

וואס פאר א שטעלונג האט פארנומען די לינקע און דעמאקראטישע אונטערערדישע פרעסע? די "זא נאשאן אי וואשאן וואלנאשטש" ("פאר אונדזער און אייער פרייהייט"): "לאמיר זאגן אפן, אז די פוילישע לינקע און דעמאקראטישע אונטערערדישע פרעסע האט פארשוויגן דעם ענין אנטיסעמיטיזם, זי האט אים נישט געווידמעט א געהעריק ארט. זי האט נישט געווארנט די פוילישע געזעלשאפטלעכקייט פאר די פארברעכערישע אידעאלאגישע פאסטקעס".

מיט דער קאארדינאציע פון די פראקטישע שריט קעגן יידן, וועלכע האבן זיך ארויסגעריסן פון די נאציסטישע הענט האט זיך פארנומען "אנטיק" — די פוילישע אנטיקאמוניסטישע אגענטור.

עס קאן זיך דא שטעלן א פראגע, וואס פאר א שייכות האט דער פוילשער אנטיקאמוניזם צו דער יידן-אויסראטונג.

די פאליאקן האבן גרויסע און בארעכטיקטע טענות צו רוסלאנד: צו אלע נאציאנאלע קאטאסטראפעס פון פוילן האבן די רוסישע הערשער שטענדיק צוגעלייגט א האנט. די שנאה צו רוסלאנד געהערט צו די פוילישע טראדיציעס און זי איז נאך פארשטארקט געווארן נאך דעם זיג פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע אין י. 1917. דאס פוילישע טיף רעליגיעזע קאטוילישע פאלק האט געזען אין אטעיסטישן באלשעוויזם נאך איין געפאר פאר זיין קיום. פוילן האט זיך געהאלטן פאר א פארפאסטן פון קריסטנטום. אט די שנאה צו רוסלאנד און צום קאמוניזם האט דערנענטערט די פוילישע עפנטלעכע מיינונג צו דייטשלאנד. פון דאנען נעמט זיך דער פלירט צווישן די פוילישע מלוכה-מענער מיט היטלערן און גערינגן, און די אפמאכן, וועלכע מען האט געשלאסן צווישן פוילן און דייטשלאנד ביז 1939. די פוילישע אנטיסעמיטישע און רעאקציאנערע עלעמענטן, קעגנעדיק די אנטיקאמוניסטישע שטימונגען פון די פאליאקן, האבן עס אויסגענוצט אין קאמף קעגן יידן. "נידעוי מיט דער זשידא-קאמונע!" איז געווען איינע פון די פאפולערסטע לאזונגען פון אלע אנטיסעמיטישע גרופירונגען. דאס אידענטיפיצירן די יידן מיט די קאמוניסטן האט געהאט צוויי עיקר-צילן: אוועקשטעלן די יידן אויף איין פלאך מיט די גרעסטע נאציאנאלע און אידעאלאגישע שונאים פון פוילישן פאלק און — מיט דער רויטער פלאכטע פון קאמוניזם בארעכטיקן די אנטי-יידישע וואקכאנאליע אין פוילן. און די דאזיקע פאליטיש-אידעאלאגישע לאזונגען האבן געהאט א ווירקונג אויף דעם פוילישן פאלק.

"אנטיק" האט זיך געפונען בארופן צו קאארדינירן דעם קאמף קעגן די לינקע גרופירונגען און דעם קאמף קעגן די יידן. דער ארגאניזאטאר פון "אנטיק" איז געווען הענריק גלאס — איינער פון די פוילישע הויפט-"ספעצן" פון אנטיקאמוניזם. אין די דרייסיקער יארן האט די אגענטור מיטגעארבעט מיטן היטלעריסטישן אנטיקאמינטערן. פון א באשיידענער אינסטיטוציע, וואס האט באארבעט אנטיקאמוניסטישע פראפאגאנדע-מאטעריאלן אין די יארן 1939—1940, איז "אנטיק" אין י. 1943 אויסגעוואקסן צו אן אינסטאנץ, וואס האט קאארדינירט די קעמערלעך פון דער הויפט-קאמאנדע פון א. ק., נ. ס. ז. און דער רעגירונגס-דעלעגאטור בנוגע דעם אויספארשן און אויפדעקן די טעטיקייט פון דער קאמוניסטישער פ. פ. ר. און "גווארדיא לודאווא" און פון אנדערע לינקע פארטייען און ארגאניזאציעס.

"אנטיק" באצייכנט די יידן אלס קאמוניסטן און רופט צו פארניכטן זיי און אויך אלע וואס העלפן זיי. אין 1940 יאר האט ער גערופן פעסטצושטעלן וועלכער קאמוניסט איז א ייד. אין יאר 1941 באצייכנט "אנטיק" די געטאס אלס נעסט פון קאמוניזם. אין יאר 1942 האט ער אונטערשטיצט די מאסן-פארניכטונג און איז דערגאנגען ביז צום פארפאלגן איינצלנע יידן, וועלכע האבן זיך אויסבאהאלטן נאך דער ליקווידירונג פון געטא.

גלאס האט באשריבן די מאסן-שחיטות פון די יידן אין ליטע, ווייסרוסלאנד און אוקראינע. אויפקלערנדיק די דייטשישע שטעלונג צו דער פראגע, האט ער געמאכט פאלגנדיקע אויספירן:

"עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז מען קאן אויף א גרינגן אופן און אן א גרויסן אפקלאנג, דערצו נאך ביי דער אפענער אדער באהאלטענער צושטימונג פון דער ארטיקער באפעלקערונג ליקווידירן די ריזיקע מאסן יידן. און דעריבער איז אין מאמענט, ווען עס איז שוין פולשטענדיק קלאר געווארן, אז דער קריג וועט זיך ענדיקן אדער מיט א פולן נצחון, אדער מיט א פולשטענדיקער מפלה, אנגענומען געווארן א באשלוס, אז מען מוז ליקווידירן דאס גאנצע אייראפעישע יידנטום, כדי דאס פראבלעם זאל זיין געלייזט אין פאל פון א נצחון און עס זאלן פעלן די שרעקלעכע נקמה-נעמער אין פאל פון א מפלה".

נישט אלע זענען אבער אין לאנד געווען איינפארשטאנדן מיט גלאס און מיטן "אנטיק". אין פוילן וואקסט דער ווידערשטאנד קעגן אקופאנט. דער פוילישער לינקער פליגל ווייזט אן אין זיינע אויסגאבעס, אז דאס פארניכטן די יידן איז א פארשפיל צו דער פארניכטונג פון אנדערע פעלקער, וועלכע דאס "הארן-פאלק" האט אויסגעוויילט אלס ווייטערדיקע קרבנות אויפן וועג צו דער וועלט-הערשאפט. די קאנספיראטיווע קאמוניסטישע פ. פ. ר. רופט דאס פאלק צו וואכזאמקייט בנוגע דעם פעלקער-מארד, פארלאנגט קאנסעקווענט צו געבן די פארפאלגטע הילף און ראטעווען די פארמשפטע פון אומקום. גלייכצייטיק רופט די פפר אויך די יידן צו ארגאניזירן א באוואפנטן ווידערשטאנד, וואס איז דער איינציקער וועג, כדי אויפצוהאלטן דעם פיינטס פארברעכערישע אקציע.

אין הארבסט 1942 ווערט געגרינדעט די "זשעגאטא" (ראט צו העלפן יידן). אין איר באשטאנד גייען אריין פארשטייער פון פארטייען און ארגאניזאציעס, וואס געהערן צום ר. י. נ. (ראדא יעדנאשטשי נאראדאווי — ראט פון נאצי־

אנאלער איינהייט) — סאציאליסטן, דעמאקראטן, פויערים־טוער, קאטאליקער. „זשעגאטא" הויבט אן איר הומאני־טארע טעטיקייט לטובת די יידן, וועלכע האבן זיך געפונען אויף דער ארישער זייט. יידן ווערן איינגעאָרדנט אין מעלי־נעס (באהעלטענישן), מען שטעלט פאר זיי צו באשפייזונג און דאקומענטן, כדי זיי צו לעגאליזירן.

אין דער זעלבער צייט פראפאגירט „אנטיק" אזעלכע מיינונגען: „יידן פירן אן מיט דער פפר (פאלסקא פארטיא ראבאטניטשא) און מיט דער רפפס (ראבאטניטשא פאלסקא פארטיא סאָציאליסטיטשנא), אינספּירירן זייער טעטיקייט וואס איז א נישט פוילישע, ווייל זיי שטערן דער ענטגילטיקער לייזונג פון דער יידן־פראגע — די סיבה פון פוילנס שוואכ־קייט אין יאר 1939".

„אנטיק" בארעכטיקט די טעטיקייט פון די שמאלצאָווני־קעס און האלט, אז די יידן־אויסראטונג איז א קאמף מיטן קאמוניזם: „דאס ווארשעווער געטא איז עד היום דאס זיצארט פון קאמוניסטישן צענטער אין פוילן. צווישן די קאמוניסטישע אגענטן, וואס דרייען זיך איבערן לאנד, זענען פאראן א סך יידן, וואס מאסקירן זיך אלס פאליאקן, אוק־ראינער, ווייסרוסן אדער רוסן. די יידישע אינטעליגענץ איז נישט ווייניקער קאמוניסטיש און פיינטלעך געשטימט צו פוילן, ווי דער יידישער פראלעטאריאט. פאליטיש נעמען קאמוניסטן די יידן אין שוץ און זאגן זיי צו אין צוקונפ־טיקן פוילן — וואס לויט זייערע פלענער דארף עס זיין קאמוניסטיש — נישט נאר גלייכבארעכטיקונג, נאר אויך א פירנדיקע פאזיציע. עס מוז דערמאנט ווערן די שטע־לונג פון דער יידישער מאסע אין די טראגישע טעג פון הארבסט 1939 און שפעטער אונטער באלשעוויסטישער אקו־פאציע. אנטיסעמיטיזם איז ווייטער אן אויסערגעוויינלעך ווירקזאם געווער אין קאמף מיטן קאמוניזם".

כמעט אין אלע דאקומענטן פון „אנטיק"־ארכיוו קומט אויף צום אויסדרוק דאס טאדלען די אלע כוחות, וועלכע פרובירן נעמען יידן אין שוץ.

און וועגן די היטלעריסטן שרייבט גלאס: „די היטלע־ריסטן מוזן זיך פארטיידיקן מיט דער הילף פון מיידאנעק, טרעבלינקע און אשוויענטשים קעגן זייער מעטשיקסטן און פארביסנעם שונא — קעגן די יידן". לויט גלאסן זענען די ניצול־געווארענע רעשטלעך פון אייראפעישן יידנטום א פאטענציעל געפאר פאר אייראפע בשעת דער מלחמה און ספּעציעל אין פאל פון דייטשלאנדס מפּלה.

דער רעזולטאט פון דער אידעאלאגישער און ארגאניזא־ציאנעלער טעטיקייט פון „אנטיק" איז געווען א פאטאלער פאר די יידן. די טעארעטישע קאנצעפּציעס פון „אנטיק" זענען געווען פארפליכטנדיק אפילו פאר דער דעלעגאטור פון דער עמיגראציע־רעגירונג און פאר דער א. ק.

ספעציעל געשאפענע קמערלעך האבן געפירט זייער פאר־ברעכערישע טעטיקייט אין אלע ראיאנען פון לאנד, אין די שטעט און דערפער. זיי פארשן נאך די יידן, פארפאלגן זיי. דאס זעלבע באציט זיך צו פאליאקן, וועלכע זאגן זיך נישט אפ דעם יידן צו העלפן.

אזא איז געווען די לאגע אין גאנצן לאנד: נישט נאר די דייטשן האבן גענויכעט, נישט נאר די דייטשן האבן געפירט די יאגד — אין שטעט און דערפער האבן קינדער און דערוואקסענע גענומען אנטייל אין דעם דאזיקן געיעג. פאר דענונציירן א ייד האבן די דייטשן געצאָלט: 5 ליטער שנאפס, 2 קילא צוקער, 2 קילא מארמעלאד און 500 זלאטעס מזומן. אין פיל ערטער האבן די שמאלצאווניקעס אדער „פאטריאטן" אויסגעפירט די זעלבע אַרבעט פאר: א קילא צוקער אדער א פעקל מאכארקע פאר א קאפ. נישט שטענדיק האט מען אבער געמוזט נעמען דעם שכר פון דיי־טשע הענט. עס זענען געווען א סך וואס האבן אליין אויס־געפירט דעם מארד און פארשטייט זיך, אליין בארויבט אלץ וואס דער ייד האט נאך פארמאגט. די דייטשן האבן פאר־ניכטעט דאס רוב פון ידישן פאלק, די פאליאקן האבן געמארדעט די ניצולים. זיי האבן עס געטאן אויף די וועגן, אין די באהעלטענישן וואס די יידן האבן געפונען ביי גוטע באקאנטע אדער ביי פריינטלעכע פויערים (אומזיסט אדער פאר געלט). שמאלצאָווניקעס האבן געראסירט אומע־טום. און געטאן האבן עס נישט נאר סתם שאנטאזשיסטן, אונטערוועלט־מענטשן. ווייל אויך דורך דער מערהייט פון דער פוילישער פאליטישער קאנספּיראציע זענען יידן גע־זוכט געווארן צום אומברענגען. „אנטיק" האט געהאט די אונטערשטיצונג פון 24 פוילישע פארטייען און ארגאניזא־ציעס פון ר. י. נ., צווישן זיי: סאנאציע, ענדעקעס, די הויפּט־קאמאנדע פון א. ק., רעכטע פ. פ. ס. א"אנד.

נאך דעם ליקווידירן פון געטא האבן די ראיאָן־קעמער־לעך פון גאנצן לאנד געשיקט מעלדונגען און סיטואציע־באריכטן צו דער אנפירערשאפט פון א. ק. אט איז א פראגמענט פון אזא מעלדונג:

„סיטואציע־באריכט וועגן דער טעטיקייט פון די דעס־טרוקטיווע ארגאניזאציעס פאר אויגוסט און סעפטעמבער 1943 יאר אין קרייז סאקאלאוו, אונטערגעשריבן „קרוק" (פסעוודאנים פון וואצלאוו זשעפעצקי, אגענט פון דער דעלע־גאטור פון דער פוילישער רעגירונג אין לאנדאן). די יידן באהאלטן זיך אויס אין היגן געביט אין זאמבראווער, פשע־זשדזשעצער, רעפקאווער און קאראטשעווער וועלדער. היינט צו טאג ציילט מען אויף דעם געביט נאך ביי העכער 300 יידן, אין דער מערהייט זענען עס יונגע און דערצו מענער, 90% קאמוניסטן. נאך דעם אטענטאט אויף טרעבלינקע, וואס ווערט פארשריבן אויף אן אנדער ארט, זענען די יידן דורך זיי (ד. ה. דורך די אנטלאפענע פון טרעבלינקע) פארשטארקט געווארן, גלייכצייטיק האט זיך פארבעסערט זייער מאטעריעלע לאגע, ווייל די יידן האבן ארויס־געטראגן פון טרעבלינקע א סך גאלד און צירונג".

ענלעכע און אנדערע באריכטן פון אנדערע שטעט. „רא־פאל" — דער קריפּטאנים פון אויסשפּיר־קעמערל פון נ. ס. ז. גיט איבער פאר נאוועמבער און דעצעמבער 1943: „קיין יידן, אויסער די וואס נעמען אנטייל אין דער אקציע פון „גווארדיא לודאווא", טרעפט מען נישט".

סיטואציע־באריכט פון דער וואיעוואדישער קאָמענדע פון א. ק. אין גאווראלין, דאטירט: 30 דעצעמבער 1943. עס שרייבן „זשיוויצא" און „סלוצקי", מיטארבעטער פון קאנטר־אויסשפּיר־דינסט פון א. ק.

„אין באצירק עקזיסטירן נישט קיין יידן, חוץ אינדיווי־

דועלע פאלן פון אויסבאהאלטן זיך, אדער אנטיילנעמער אין באנדעס. עס איז פעסטגעשטעלט געווארן, אז עטלעכע צענדליקער יידן פון היגן פאוויאט געפינען זיך אין ווארשע. זיי האלטן די פארבינדונג מיטן היגן געביט דורך דעם געוועזענעם גאווראלינער בורמישטש, פאסניטשעק. ער באמיט זיך אויך צו ארגאניזירן אן אפוטרופסות־קאמיטעט פאר יידן און באזונדער פאר זייערע קינדער. פאסניטשעק געפינט זיך שטענדיק אין ווארשע און שטעלט דארט איין פארבינדונגען מיט יידן. לויט באשטעטיקטע ידיעות שטייט פאסניטשעק צוזאמען מיט א גרופע יידן אין פארבינדונג מיט פפר״.

אומעטום חזרט זיך איבער די זעלבע טעזע: יידן זענען קאמוניסטן, די וואס העלפן זיי זענען אויך קאמוניסטן, אדער געלטגייציקע פאליאקן און נישט קיין פאטריאטן.

אין באריכט פון לובלינער ״קעדיוו״ (דיווערסיע־אפטיילונג פון א. ק.) פאר יוני און יולי 1943 מעלדעט ״עדווארד״ (פסעודאנים פון דעם שעף פון אויסשפיר־קעמערל):

״די אקציעס פון דעראבערן געווער: פון 3־טן יוני ביזן 12־טן יולי זענען אויפן געביט פון באצירק פולאוו ליקווידירט געווארן 4 גרופן באנדעס. עס זענען דערשאסן געווארן ארום 20 באנדיטן. אין באצירק כעלם, קראסניסטאוו, וולאדאווע, זענען ליקווידירט געווארן 2 יידישע באנדעס. 7 זענען דערהרגעט געווארן. אין די פאוויאטן ראדזין און ביאלע האט מען ליקווידירט 9 יידן און 9 דיווערסאנטן. אט די אלע אקציעס האבן אריינגעבראכט א געוויסן סכום באוואפענונג און דערצו א באדייטנדיקע בארויקונג אויפן געביט״.

אזעלכע דאקומענטן פארמאגט דער ״אנטיק״־ארכיוו זייער א סך.

דער פאקט, וואס אין מאמענט פון פוילנס באפרייונג האבן זיך אויף איר טעריטאריע געפונען טויזנטער געראטעוועטע יידן, זאגט עדות וועגן דער אויסערגעוויינלעכער מסירת־נפשדיקער הילף לטובת די פארפאלגטע יידן מצד א באדייטנדיקער צאל ערלעכע פוילישע מענטשן פון פארשיידענע גרופן און קרייזן, וואס האבן אידענטיפיצירט די טעטיקייט פון ״אנטיק״ מיט דער היטלעריסטישער טעטיקייט און זענען אליין געווען אויסגעשטעלט אויף דער פארברעכערישער מסירה און מארד־טעטיקייט פון ״אנטיק״ און ענלעכע פארמאציעס.

וועגן די פויליש־יידישע באציונגען בעת דער אקופאציע, אדער בעסער געזאגט, וועגן דער באציונג פון פאליאקן צום געטא, שרייבט עמאנועל רינגעלבלום (וועגן דער אויסזידלונגס־אקציע אין יולי — סעפטעמבער 1942): ״אויף דער ארישער זייט האט מען זיך דעמלט אויסגעדריקט זייער שלעכט וועגן די ווארשעווער יידן, מען האט זיי פאראורטיילט, פארגעווארפן פחדנות, מאנגל אין נאציאנאלער ווירדע. פארוואס האט איר נישט פארטיידיקט? פארוואס געגאנגען ווי שעפסן צו דער שחיטה? מיר וואלטן זיך נישט געלאזט...״

דער מחבר קלערט אויף די סיבות: ״זינט עטלעכע חדשים האט די יידישע געזעלשאפט געפאדערט פון די פוילישע רעגירונגס־פאקטארן געווער פארן געטא. נאך לאנגע, זייער לאנגע באמיונגען האבן מיר עס באקומען אין אזא מינימאלער צאל, און חוץ לזה אין אזא געמיינער קוואליטעט, אז עס איז נישט געווען מעגלעך אונטערצונעמען וועלכע נישט איז פארטיידיקונגס־אקציע. אין משך פון 44 טעג האט געדויערט די אויסזידלונגס־אקציע און פונעם ארישן צד איז נישט געווען קיין שום אפקלאנג, א טויבע שטומקייט האט געהערשט אויף דער ארישער זייט אין אנזיכט פון דער דראמע, וואס האט זיך אפגעשפילט פאר די אויגן פון הונדערטער טויזנטער פאליאקן. עס איז נישט געווען קיין שום אויפרוף מצד דער רעגירונג (לאנדאנער עמיגראציע־רעגירונג), וואס זאל רופן צו פארטיידיקונג, נישט געווען קיין טרייסט־ווארט. נישט געווען אפילו קיין צוזאג פון הילף, אפילו מאראלישער...״

״אויב עס גייט אין באזארגן דאס געטא אין געווער, האבן די מיליטערישע קרייזן פארנומען א נעגאטיווע שטעלונג, וועלכע האט זיך נישט געענדערט ביזן היינטיקן טאג. אין שיין רעדאגירטע רעזאלוציעס האט מען געפריידיקט, אז דער חוב פון די מיליטערישע פאקטארן איז צו העלפן, באוואפענען דאס געטא צום קאמף קעגן אקופאנט. אין דער פראקטיק זענען די באשלוסן געבליבן אויפן פאפיר...״

נאך דער אויסזידלונגס־אקציע אין יאנואר 1943, בעת וועלכער די יידן האבן געשטעלט אן אקטיוון ווידערשטאנד און אויף 10.000 אויסגעזידלטע זענען געווען איבער טויזנט דערשאסענע אויף די גאסן פון געטא, שרייבט רינגעלבלום:

״דאס אלץ (דער ווידערשטאנד) האט אבער נישט געהאט קיין ווירקונג אויף דער ענדערונג פון דער באציונג פון די רעגירונגס־פאקטארן צו די יידן אין הינזיכט פון ווידערשטאנד. נישט געקוקט אויף די אומאויפהערלעכע אפעלן מצד די יידן האט מען צוגעשטעלט געווער אין אן אפטייקערישער צאל...״

אזוי האט אויסגעזען די לאגע פאר דעם געטא־אויפשטאנד פון 9־טן אפריל 1943. בעתן אויפשטאנד גופא האט זיך די באציונג עטוואס געענדערט לטובת. מען האט אפילו גערופן צו דערטיילן הילף די יידן. און דאס פאלק? אט וואס רינגעלבלום שרייבט.

״ווען די גוטע גייסטער האבן אפעלירט צו דער פוילישער באפעלקערונג זי זאל אויסבאהאלטן יידן, האבן די ״בייזע רוחות״ אין געשטאלט פון באנדעס שמאלצאווניקעס, פאליציי־אגענטן און פאליציי אין מונדירן זיך געווארפן אויף די געטא־פליטים, ווי היענעס אויף א פגר. דאס געטא איז געשטאנען אין פלאמען, מען האט דארט לעבעדיקערהייט געברענט די געכאפטע קרבנות, עס האט כסדר געהילכט די געקנאלעריי פון די מיט דינאמיט אויפגעריסענע בונקערס און אט די מנובלים און אויסווורפן האבן געפראוועט געיעגן אויף יידן...״

די אפריל־אקציע, דאס דייטשישע אכזריות, די פארטיידיקונג פון געטא, דאס ברענען הייזער און מענטשן — זענען געווען די טעמע פון טאג אין די גאסן, טראמווייען אא״וו. מיר ברענגען א ריי אזעלכע אויטענטישע שמועסן. א פרומע אלטע באבע: ״בעת דער גרויסער וואך (די וואך פארן קריסטלעכן פסח) האבן די יידן פארפייניקט קריסטוסן.

אין דער גרויסער וואָך ווערן די יידן פאַרפייַנקט דורך די דייטשן". א 70־יעריקער גלח: "עס איז גוט געשען. די יידן האָבן אין געטאָ געהאט א גרויסע מיליטערישע קראַפט. ווען זיי וואלטן עס נישט געווענדעט קעגן די דייטשן, וואָלטן זיי עס פאַרנוצט קעגן אונדז". א געשפרעך אין טראַמוויי: "די קליינע יידעלעך ברענט מען, און די גרויסע רעגירן אין אמעריקע און נאָך דער מלחמה וועלן זיי מיט אונדז רעגירן". א קליינבירגערלעכע באַלעבאָסטע: "עס איז א מורא צו קוקן, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ, שרעקלעכע זאכן. און אפשר איז גוט, וואָס עס איז אזוי געשען. די יידן זויגן אונדזער בלוט. זיי האָבן געזאָגט: איר וואָלט געוואָלט האָבן פוילן אָן יידן, האָט איר יידן אָן פוילן". צוויי סוחרים פון גזשיבאָווער פלאַץ: איינער באַדויערט, וואָס צוליב די שריפות אין געטאָ וועט דאָס צוקונפטיקע פוילן א סך פארלירן, א סך מלוכה־אייגנטום איז אוועק מיטן רויך. זאָגט אויף דעם דער צווייטער: "באַדויער נישט, דאָס געטאָ איז געווען א שטינקנדיקער ראַיאָן און עס איז גוט געשען וואָס מיר האָבן עס נישט מער. מיר וועלן אויפבויען דעם ראַיאָן א סך שענער, רייִנער, אָבער שוין אָן יידן". א לערערין, א פאַרזעסענע מויד: "דער מענטש האָט רחמנות אויף א קאַץ, אָבער א ייד איז דאָך אויך א מענטש, הגם ער איז א ייד". ווען זי האָט אָבער אינצווישן באַקומען א בריוו פון א קרובה פון דעם מיידאַנקער לאַגער, בכן די יידישע קריגס־געפאַנגענע באַגייען זיך שלעכט מיט די פּאָליאַקן, האָט זי געזאָגט: "איך באַדויער די יידן, אָבער איצט, ווען זייערע ברידער באַגייען זיך אזוי שלעכט מיט אונדזערע, זאָלן זיי די דייטשן אויסשחטן ביז איינעם". אן אָ. נ. ר. חברהמאַן האָט קורץ און שאַרף פאָרמולירט זיין אני מאמין בנוגע דער אַפּריל־אַקציע. "עס איז נאָך ווייניק, וואָס מען ברענט די זשידעס". א צווייטער מענטשנפרעסער האָט עס פאָרמולירט נאָך קירצער: "עס ברענען וואַנצן".

בנוגע הילף, וואָס דאָס געטאָ האָט פאַרלאַנגט פון דער אַרישער זייט: א פרוי פון א קאַפּיטאַן, א פּאָסט־באַאַמטין: "פאַר דער מלחמה האָבן די יידן שפּיאָנירט לטובת די שונאים און איצט פאָדערן די אויסוואורפן פון אונדז הילף. עס איז נישטאָ פאַר וועמען צו פאַרגיסן בלוט". א פּ. פּ. ס. מיטגליד: "די אָרגאַניזאַציע איז נישט צוגעגרייט צום באַוואָפנטן ארויסטריט. מיר פילן מיט מיט די יידן אין זייער טראַגישער לאַגע. מען דאַרף זיי צושטעלן געווער, אָבער אקטיווע צוזאַמענאַרבעט איז נישט מעגלעך. לשם א העכערער זאַך, לשם דער זאַך פון אומאָפּהענגיקייט מוזן אלע ליידן. די פּאַרטיי מוז אויסקלייבן א באַקוועמען פאַר איר מאָמענט פון קאַמף, און זיך נישט ריכטן מיט א סענטימענט, אפילו מיט דעם סאַמע איידלסטן (?)". נאָבעלע יחידים זענען געווען אויפגעבראַכט, ווען מען גייט גלייכגילטיק פאַרביי אזא גרויסע טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך אָפּ פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג: "מיר לעבן ווייטער נאָרמאַל, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען. מיר עסן געשמאַק אָוונטברויט און דערנאָך גייען מיר ארויס אויפן באַלקאָן צו זען די פייער־פלאַמען אין געטאָ. מיר הערן דאָס געקנאַל פון די אויפרייס־באָמבעס און דינאַמיט, מיט וועלכן מען צעזעצט הייזער און בונקערס — און מיר שווייגן".

אין געטאָ האָט זיך בכלל געהערט אן אַנטיסעמיטישער טאָן, א צופרידנקייט, אז וואַרשע איז סוף־כל־סוף געוואָרן "יודענפריי", אז די סאַמע דרייסטע חלומות פון די אַנטיסעמיטן וועגן וואַרשע אָן יידן זענען מקוים געוואָרן. אייניגע האָבן אויסגעדריקט בקול רם זייער צופרידנקייט, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעפירט די שמוציקע אַרבעט פון אויסמאָרדן די יידן, אַנדערע האָבן עס געזאָגט אויף א דיסקרעטן אופן. מען האָט אויסגעדריקט מיטלייד אין דעם זין, אז "הגם די דערמאָרדעטע זענען יידן, זענען זיי דאָך מענטשן". מען באַדויערט מער די פאַרברענטע הייזער ווי די לעבעדיקערהייט געברענטע מענטשן. די שמחה פון דעם "אויסרייניקן" וואַרשע פון די יידן האָט נאָר קאַליע געמאַכט די מורא פאַרן מאָרגן; די מורא, אז נאָכן ליקווידירן די יידן וועלן זיך די דייטשן נעמען צו די פּאָליאַקן. וועגן דעם וואָס די יידן האָבן ארויסגעהאָנגען פּוילישע פענער, האָבן די אַנטיסעמיטן געזאָגט אַט וואָס: "זיי ווילן געפעלן ווערן די פּאָליאַקן; די אַנטיסעמיטן האָבן געריבן די אויגן פון שטוינונג, אז יידן זענען אומשטאַנד צו פאַרטיידיקן זיך און שיסן, אז זיי האָבן געשטעלט ווידערשטאַנד דעם שונא..."

אין דער זעלבער צייט אין דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג אין לאָנדאָן: דער גענעראַל וולאַדיסלאַוו שיקאָרסקי איז נישט געווען באַשמוצט מיט דער "אָוושעם"־פּאָליטיק לגבי די יידן. ער איז געווען אן אמתער קרבן פון רעזשים, לאַנגע יאָרן געווען א פּאָליטישער עמיגראַנט אין פראַנקרייך, און דאָך איז די אַנטיסעמיטישע טראַדיציע, ווי א שטן געקומען אויך אהער און געווירקט, נישט געקוקט, וואָס אין דעמאָקראַטישן ענגלאַנד זענען אזעלכע שטימונגען געווען לגמרי פרעמד. און עס דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, אז וואָלט די לאָנדאָנער פּוילישע רעגירונג געוואָלט קעגנווירקן דער יידן־אויסראָטונג, האָט זי געקאָנט זייער פיל אויפטאָן, און א סך טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יידן וואָלטן געבליבן לעבן.

ד"ר שוואַרצבאַרט, דער פאָרשטייער פון פּוילישן יידנטום אין פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט (אין לאָנדאָן) האָט אין זיין רעדע, געהאַלטן דעם 17־טן מערץ 1942, באַרירט דעם דאָזיקן ענין. ער האָט געזאָגט:

..."עס וואָלט פון אונדזער זייט געווען א שטרויספּאָליטיק, ווען מיר פאַרמאַכן די אויגן אויפן פאַקט, אז אזוי אין לאַנד ווי אויך דאָ זענען פאַראַן געזעלשאַפטלעכע קרייזן, וואָס זייען אומווילן צווישן דער פּוילישער און יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. די אונטערערדישע פּרעסע, דער אויסדרוק פון דער גרויסער וויטאַליטעט פון דער פּוילישער געזעלשאַפט אין לאַנד, די פּרעסע וועלכע דערגייט אויך צו אונדז דאָ, אַנטהאַלט צום באַדויערן אויך א ריי אַרטיקלען מיט אַנטי־יידישן אינהאַלט. איך וויל עס נישט גענעראַליזירן, איך ווייס, אז דער פּוילישער אַרבעטער איז נישט קיין אַנטיסעמיט. איך ווייס, אז דער פּוילישער פּויער — טראָץ דעם פעסטשטעלן פון הער וואַנגראַווסקי, וועלכער האָט אויסגעשטעלט א קעגנזעצלעכע צייגעניש דער גאַנצער פּוילישער געזעלשאַפטלעכקייט — איז נישט קיין

אנטיסעמיט. עס זענען אָבער פאראן אנטיסעמיטישע אקציעס אין א געוויסן סעקטאָר, און מיין פאָדערונג צו דער רעגירונג, אין איינקלאנג מיט דער רעגירונגס־דעקלאראציע פון 24 פעברואר 1942 איז: ווירקן קעגן דעם; איך וויל נישט גענעראַליזירן, אויב אָבער אויף דער עמיגראציע באווייזט זיך א צייטונג פון נישט קיין גרויסער וואָג, אָבער די פאַקטאָ טאָלערירט, ווערט פארשפרייט צווישן דער ארמיי, גייט זיך פאנאנדער אין זייער א סך עקזעמפליארן, וועלכע האָט אין נומ. 3 — אין וואָס פאר א בלינדקייט, אין וואָס פאר א פאָליטישן דאַלטאָניזם, אין וואָס פאר א נישט פארשטענדעניש פאר די לעבנס־וויכטיקע אינטערעסן פון היינטיקן פוילן, געשריבן אויף דער צווייטער זייט: „דער יידן־פראָבלעם און דער אוקראַינישער, אונדזערע צוויי צום מיינסטן אָנגעווייטאָגטע ענינים ווערן אין שווערע קאָנוווליסעס רייף צו זייער ענטגילטיקער לייזונג. אזוי פיל פון גאָט. און וואָס האָבן מיר אליין געטאָן?"

אויב דאָ האָט זיך געקאָנט געפינען כאָטש אפילו א קליינער טייל פון דער פוילישער געזעלשאפט, וועלכער באטראכט היטלערן פאר א געטלעך געצייג אין דער דערפאָלגרייכער דערליידיקונג פון אוקראַינישן און יידישן פראָבלעם, איז — הויכער ראט! — די פליכט פון דער רעגירונג אויף א געהעריקן אופן ארויסצוטרעטן קעגן דעם. דער גיפט פארסמט פוילישע נשמות און ווי א באקציל צעלייגט ער זיין אָרגאַניזם. מען דארף אויך נעמען אין אכט, אז דער טייל (די ענדעקעס) איז איצט אריין אין אויסלענדישן קאָמיטעט פון נאציאָנאלן לאגער..."

די ענדעקישע אויסגאַבעס, און נישט נאָר די ענדעקישע, אומלעגאלע אין אָקופּירטן לאנד, לעגאלע אין ענגלאנד און אין אנדערע לענדער, האָבן געגאָסן גיפט אויף די פארפאָלגטע יידן. ד"ר שווארצבארט און א. זיגלבוים האָבן גערעדט אין נאציאָנאל־ראט, אָבער אין דער פּראקטיק האָט זיך גאָרנישט געענדערט. וועגן צוגאנג פון די עמיגראנטישע פוילישע קרייזן צו דער יידן־פראגע זאָגט קלאָר דער מעמאָריאל, וועלכן סטעפאן ווייז אין שפיץ פון א דעלעגאציע, אין נאָמען פון קאָנגרעס פון די אמעריקאנער יידן האָט איבערגעגעבן דעם גענ. וול. שיקאָרסקי בעת זיין באזוך אין די פאראייניקטע שטאטן דעם 17־טן יוני 1941.

ס. וויז האָט פארגעלייגט:

1) אָננעמען שריט מצד דער רעגירונג כדי צו צוימען די אנטיסעמיטישע פּראָפּאגאנדע אין דער פוילישער ארמיי און צווישן דער ציווילער פוילישער באפעלקערונג, וועלכע געפינט זיך אין אויסלאנד. 2) באוויליקן די פּאָליאקן און ספּעציעל די וואָס ווינען אויפן געביט פון די פאראייניקטע שטאטן צו א געהעריקער צוזאמענארבעט מיט די יידישע אָרגאניזאציעס און פאָרמולירן די פּרינציפּן פון דער פּאָליטיק אויפצובויען פוילן אויף גלייכע יסודות און די זעלבע גלייכע רעכט פאר אלע איינוווינער. 3) ארויסגעבן א דעקלאראציע, וועלכע זאל צו נישט מאכן די גאנצקייט פון דער געזעצגעבונג און פאראָרדענונגען, וועלכע האָבן אריינגעפירט די אונטערשיידן צווישן איין בירגער און דעם צווייטן. 4) פארעפנטלעכן אן אָפיציעלע דערקלערונג פון פרעמיער פון דער פוילישער רעגירונג אין גלות, וועלכע זאל פארזיכערן די יידישע בירגער נאָך דער מלחמה א פולשטענדיקע גלייכהייט לגבי דעם געזעץ אזוי אין היניכט פון ציווילע רעכט ווי געזעלשאפטלעכע...

כדי עס זאָל זיך באווייזן אן אָפיציעלער דאָקומענט וועגן גלייכע רעכט פאר די בירגער פון פוילן האָט מען געדארפט ווארטן כמעט א יאָר, ביז צו דער דעקלאראציע פון דער רעגירונג אויף דער דערעפענונג פון דעם נאציאָנאל־ראט, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 22־טן פעברואר 1942.

אויך אין בעלגיע געפינט זיך אין יענער צייט א באדייטנדיקע גרופּע פוילישע עמיגראנטן. פליסט אויך פון דאָרט דער אנטי־יידישער סם. סוף 1942 איז דערשינען א בראָשור אָנגעשריבן דורכן גלח יאצעק פשיגאָדא א. נ. „מיט פּאָליאקן אין בעלגיע". דער מחבר צייכנט אָן דעם פראָגראם פונעם נייעם פוילן נאָך דער באפרייונג. פארשטייט זיך, אז דאָס וועט דארפן זיין א ניי, געזונט פּאָליטיש, אידעאָלאָגיש און ווירטשאפטלעך פוילן, אין וועלכן פּאָליאקן וועלן איבערנעמען אויך דעם האנדל, האנטווערק, און אנדערע ענלעכע פּאָזיציעס. און די יידן? יאָ, פאר זיי האָט ער אויך א פּראָגראם: „די יידן (נאָך דעם צונעמען ביי זיי די מעגלעכקייט פון פרנסה) דארף מען לאָזן צו רו. זאָלן זיי זיך אליין זאָרגן פאר זייער צוקונפט. זיי האָבן געלט — זייער גאָט, אלזאָ קענען זיי זיך איינאָרדענען און וועלן זיך אומעטום איינאָרדענען ביי א גוטן ווילן. און ציי דען האָבן מיר שוין נישט גענוג געהונגערט? אָבער זיי דראָט עס לגמרי נישט".

און גלייך נאָך דער טעזע, גיט דער גייסטלעכער צו: „מיר דארפן וויסן, אז מיר דארפן ליב האָבן מענטשן, דערייבער אויך גאָטס באשעפענישן, די יידן, אָבער גלייכצייטיק פארניכטן, פארניכטן זייערע אָנשטעקנדיקע פעלערן אין דער פארטיידיקונג פון העכערן ווערט, נעמלעך, די אזוי בלוטיק געקויפטע צוקונפט פון אונדזער פאָלק".

אויפן גרונט פונעם אָפּמאך צווישן דער עמיגראנטישער פוילישער רעגירונג מיט סטאלינען, איז דורך דער סאָוועטישער מאכט דערקלערט געוואָרן אן אמנעסטיע פאר די דעפּאָרטירטע פוילישע בירגער (אויך יידן). עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פאָרמירן פוילישע אָפּטיילונגען (5 דיוויזיעס) אונטער דער אָנפירונג פון גענעראל אנדערס. יידן, פוילישע בירגער האָבן גענומען ציען דאָרט, ווו עס זענען אנטשטאנען די מיליטערישע לאגערן.

אָבער די טענדענץ פון דער דאָזיקער ארמיי איז געווען נישט אָנצונעמען קיין יידן, און אויב מען האָט שוין יאָ גענומען א טייל פון די יידישע פרייוויליקע, האָט מען זיך צו זיי באצויגן מיט האס און שפּאָט.

עס דערציילט אן עדות: ווען די ארמיי איז עוואקואירט געוואָרן אויפן נאָענטן מזרח, האָט זיך דער אנטיסעמיטיזם פילפאכיק פארגרעסערט. אין דער אָרטשאפט קאטובענצע זענען פאר יידישע זעלנער געשאפן געוואָרן באזונדערע באראקן — א מין געטאָ. דער דאָזיקער צושטאנד איז נישט נאָר טאָלערירט געווען דורך דער אָנפירערשפט, נאָר נאָך מער: דער ראסן־האס איז אָפיציעל פּראָקלאמירט געוואָרן

דורכן געגן. אנדרעס אין זיין רעדע געהאלטן נאָך אין יאָר 1942 אין טעהעראן, ווו ער האָט אָפן גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פטור צו ווערן פון דעם "איבעריקן באגאזש". געמיינט האָט ער יידן און אנדערע נאציאָנאלע מינדערהייטן, ווי אוקראַינער, ווייסרוסן. ער האָט אויך געגעבן צו פארשטיין, אז עס געפינען זיך ביי אונדז אזעלכע עלעמענטן, מיט וועלכע מיר וועלן זיך אן עצה געבן. אין די זעלנערישע קאזארמעס באוויזן זיך אויפשריפטן: "נידער מיט די יידן!" "יידן זענען קאָמוניסטן!". שלאָגן און באליידיקן יידן ווערט א טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. דאָס וואָרט ייד איז די טעמע פון דיסקוסיעס אין די קאסינאָס און זעלנערישע באראקן, דערביי רעדט מען הויך וועגן דעם אז נאָך דעם קומען צוריק אין לאנד, דארף מען אלע ־עבן געבליבענע יידן אויסשחטן ווי די הינט. אין דער עפנטלעכער מיינונג אין דער וועלט האָט דאָס ארויסגערופן א געוואלדיקן שטורעם און געהאט אפילו אן אָפקלאנג אין דעם ענגלישן פאַרלאמענט.

אן אנדערער פריוויליקער פון דער דאַזיקער ארמיי, מגר. ב. קארמאן האָט געשריבן: "אין די דיוויזיעס און פאַלקן ווערן געשאפן ריין יידישע גרופעס, וועלכע ווערן ספּעציעל שלעכט באהאנדלט און דערנערט. ביסלעכווייז ווערן פיל יידן פון אנדערס ארמיי באזייטיקט".

בלויז א טייל פון דער דאַזיקער ארמיי האָט זיך פאַרמירט אין רוסלאנד. אויך אין אנדערע לענדער, ווו עס איז געווען א צאָלרייכע פוילישע עמיגראציע, זענען פאַרמירט געוואָרן אָפּטיילונגען. די דיוויזיעס פון ראטנפארבאנד זענען עוואקואירט געוואָרן אויפן נאָענטן מזרח — אויף די געביטן פון ענגלישן מאנדאט. זיי האָבן זיך אויך געפונען אין פארשיידענע שטעט פון ארץ ישראל. פון דאנעט איז א טייל פונעם מיליטער איבערגעוואָרפן געוואָרן קיין איטאליע, ווו ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער שלאכט ביי מאָנטע קאסינאָ. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אז טראָץ דעם אנטיסעמיטיזם האָבן יידישע זעלנער גענומען אָנטייל אין דער דאזיקער היסטארישער שלאכט. אָבער אויך דאָ זענען זיי נישט געווען פריי פון דיסקרימינאציעס.

"א צוג וואָס האָט געפירט יידישע פליטים קיין דרום־איטאליע, איז פארהאלטן געוואָרן דורך די אנדערסאָווצעס, וועלכע האָבן ארויסגעוואָרפן די יידן פון די וואגאָנען. די אנטיסעמיטישע אָנפאלער האָבן געצוווּנגען דעם מאשיניסט, ער זאָל פאָרן ווייטער און די יידן זענען געבליבן אין פרייעם פעלד".

אויך אין ארץ ישראל האָבן סטאציאָנירט אָפּטיילונגען פון דער דאָזיקער ארמיי:

"תל־אביב. אין רחובות זענען צוויי יידן דערהרגעט געוואָרן דורך פויליש־פאשיסטישע אנדערס־לייט. אין צוזאמענהאנג מיט דעם הערשט א שטארקע שטימונג קעגן די אנדערס־לייט צווישן דער יידישער באפעלקערונג. די שטימונג האָט אָנגענומען שארפע פאָרמען, אזוי ווייט אז די בריטישע פאָליציי האָט ארויסגעפירט אונטער באוואָפנטער שוץ די צוויי הונדערט אנדערס־זעלנער פון רחובות און זיי איבערגעפירט קיין יפו און טיילוויז אין א לאגער אין באעכארא. אויף דער לוויה פון די יידישע קרבנות האָט מען געטראָגן טראנספארענטן מיט אויפשריפטן: "דאָס זענען קרבנות פון דער אנדערס־קליקע, מיר פאָדערן ארויסשיקן פון ארץ ישראל די פוילישע פאשיסטן!".

דאָס איז נישט דער איינציקער פאל פון דערמאָרדן יידן דורך די זעלנער פון דער פוילישער ארמיי אין ארץ ישראל. אין דעם ענין איז פאראן אן אָפיציעלער בריוו פון פוילישן אויסערן־מיניסטעריום פון דער עמיגראנטישער רעגירונג אין לאָנדאָן צו ד"ר שווארצבארט, דאטירט דעם 13־טן מערץ 1943, וועלכער דערמאָנט צוו. אנד וועגן אינצידענטן וואס זענען פארגעקומען צווישן די זעלנער און דער באפעלקערונג אין תל־אביב, וועגן א מאָרד איבער א יידן און וועגן א משפט, אין וועלכן דער מערדער איז פאראורטיילט געוואָרן דורכן פעלד־געריכט אויף 5 יאָר תפיסה.

און שוין נאָך דער מלחמה: "ירושלים. ווי מאָדנע און פאראדאקסאל דאס זאל נישט קלינגען, איז עס דאך אמת: אין סאמע הארץ פון יידישן ארץ ישראל, אין ירושלים, האבן די אנדערס־לייט איינגעאָרדנט א טרויער־אקאדעמיע און א מעסע נאכן אנדענק פון די 9 קעלצער פאגראָמשטשיקעס, וואָס זענען פארמשפט געווארן צום טויט. די ענגלישע אדמיניסטראציע האט זיי דערצו נישט געשטערט".

דער אנטיסעמיטיזם אין דער ארמיי פון גענעראל אנדערס האט דערפירט צו דעם, אז יידישע זעלנער האבן געבראָכן די מיליטערישע דיסציפלין, פארלאזט די רייען און פארלאנגט מען זאל זיי איבערטראגן אין דער ענגלישער ארמיי. אין דעם דאזיקן ענין האט געמוזט נעמען א ווארט דער פארטיידיקונגס־מיניסטער דיוויזיע־גענעראל מ. קוקיעל.

"זעלנער! — האט ער געשריבן אין זיין ווענדונג צום מיליטער — עס האט פאסירט אין די פוילישע באוואפנטע קרעפטן אן אויסערגעוויינלעכער פאקט פון גרופנווייזן פארלאזן די רייען פון מיליטער דורך א געוויסע צאל זעלנער — יידן, פון ערשטן קארפוס. דער הויפטאָנפירער האט באשלאסן צו באזייטיקן די גרופע זעלנער פון די רייען פון די פוילישע באוואפנטע קרעפטן און איבערגעבן זיי אין בריטישן מיליטער.

קיין שום פערזענלעכע אומאנגענעמלעכקייטן, אמתע צי כלומרשטע, באפרייען נישט פון אויספירן דעם גרונטיקן זעלנערישן חוב. אין באצוג צו זעלנער — יידן, וועלכע האבן זיך נישט אנגעשלאסן אין דער אומגעזעצלעכער אקציע און זענען געבליבן ביי זייערע פליכטן — ווייזט ארויס, זעלנער, א גרעסערע חברישע גינציקייט, כדי זיי זאלן זיך פילן פולבארעכטיקטע מיטגלידער פון דער זעלנערשער משפחה".

דער דאזיקער באפעל רעדט נישט גענויער, ער רעדט נישט גארנישט וועגן די סיבות פון פארברעכן, און די ווערטער "פערזענלעכע אומאנגענעמלעכקייטן אמתע צי כלומרשטע", לאזן פארשיידן טראכטן. דער זין פון זיינע רייד איז אזעלכער, אז שולדיק זענען די "דעזערטערן".

וועגן דעם האט אויך גענומען א ווארט די רעפּרעזענטאנץ פון די פוילישע יידן אין לאנדאן. אבער די לאגע האט זיך נישט געענדערט. די יידישע זעלנער האבן געלעבט אין אטמאספער פון אנטיסעמיטיזם און באליידיקונג

Ministerstwo Obrony Narodowej
Biuro Ministra - Wydział Polit.
L.dz.2345/W.Pol./44

Poniższy rozkaz Dowódcy odczytają przed frontem we wszystkich Oddziałach

Żołnierze!

Zaszedł niezwykły w Polskich Siłach Zbrojnych fakt grupowego opuszczenia szeregów wojska przez pewną ilość żołnierzy-Żydów I.Korpusu. Wódz Naczelny postanowił usunąć tę grupę żołnierzy-Żydów z szeregów Polskich Sił Zbrojnych i oddać ich do wojska brytyjskiego.

Jest obowiązkiem obywatelskim każdego żołnierza służyć wiernie Rzeczpospolitej, służyć z honorem i gorliwością, z odwagą i poświęceniem w szeregach Sił Zbrojnych.

Żadne przykrości osobiste, prawdziwe czy rzekome, nie zwalniają od wypełnienia tego podstawowego obowiązku.

Obowiązki te spoczywają na każdym obywatelu Rzeczypospolitej, bez różnicy wiary i narodowości.

Na tym stanowisku stanęli też wszyscy polityczni przedstawiciele Żydowstwa polskiego, potępiając fakt dezercji i żądając od swych współwyznawców wypełnienia powinności wojskowej w Wojsku Polskim.

W stosunku do winnych zastosowano prawo łaski. Ale zastosowanie go w tym wypadku nie może być przyjęte, jako obietnica bezkarności na przyszłość dla innych,którzyby knowali podobne przestępcze zamiary.

Na przyszłość nikt nie może się spodziewać bezkarności za przestępstwo samowolnego opuszczenia szeregów Armii Polskiej. Ktokolwiek dopuściłby do siebie, choćby przelotnie, taką myśl niech wie zgóry że czeka go za takie przestępstwo kara przewidziana przez surowe prawo dla dezerterów w czasie wojny.

Przypominam nadto, że według obowiązujących ustaw polskich dezercja w czasie wojny pociąga za sobą stratę obywatelstwa polskiego przez dezertera, a może pociągnąć również pozbawienie obywatelstwa jego rodziny. Te skutki swego postępowania odczuje winny po powrocie do Kraju.

W stosunku do Żołnierzy Żydów, którzy nie przyłączyli się do występnej akcji i pozostali wierni swej powinności - okażcie Żołnierze tym większą koleżeńską życzliwość, aby czuli się pełnoprawnymi członkami naszej żołnierskiej rodziny.

Minister Obrony Narodowej

M.Kukiel
gen.dywizji

dnia 13 marca, 1944 r.

Nr 25/o4

דער באפעל פון פארטיידיקונגס־מיניסטער מ. קוקיעל, וועגן א גרופע יידישע זעלנער, וועלכע האָבן פארלאָזט דאָס פוילישע מיליטער

און דעריבער האט דאס פארלאזן די רייען פונעם מיליטער געדויערט. עס האט אנגעהויבן ארבעטן א פעלד־געריכט, פאר וועלכן עס זענען אוועקגעשטעלט געווארן די יידישע זעלנער. די געריכט־פארהאנדלונגען זענען פארגעקומען דעם 19, 20, און 21־טן אפריל 1944 י.

חיים ביסטינגער, געב. אין הרוביעשאוו אין יאר 1914, ארויסגעפירט דורך די באלשעוויקן קיין רוסלאנד, איז דארט אריינגעטראטן אין דער אנדערס־ארמיי. באשולדיקט פון די פאראגראפן 43 און 46 פון מיליטערישן קאדעקס. אנערקענט זיך נישט פאר שולדיק. ער שטעלט פעסט, אז ער האט געהאנדלט אין איינקלאנג מט זיין געוויסן: "איך בין א זעלנער און וויל זיין א זעלנער, איך וויל זיך איבערטראגן אין ענגלישן מיליטער צוליב דער אויסער־געווינלעכער אטמאספער, וועלכע הערשט דא".

אויף דער פאדערונג פארצושטעלן פאקטן שטעלט ער פעסט, אז אויפן שאפערן־קורס האט מען אים שטענדיק באליידיקט מיטן צונאמען "פארשיווי זשיד". ער האט אויך געהאט אן אינצידענט מיטן קאפראל וואיטשיק, וועלכער האט אים געשלאגן שרייענדיק: "א זונה איז דיין מאמע, דו פארשיווער ייד!" די ארומיקע צושויער האבן וואיטשי־קן בארואיקט און זיין תשובה איז געווען: "א שאד, וואס איך האב אים נישט געשטעכן".

דער יידישער זעלנער האט נישט אריינגעטראגן קיין אנ־קלאגע אין געריכט ווייל ער האט מורא געהאט פאר נקמה. די דעציזיע צו פארלאזן די פוילישע ארמיי האט ער אנגע־נומען אליין, נישט מיט דער ערשטער אנטלאָפענער גרופע, ווייל ער האָט נישט געוווסט צי זיי ווילן גיין אין ענגלישן מיליטער, צי אין ציוויל. די מיינונג וועגן דעם באשולדיק־

טן חיים ביסטינגער מצד די קאמאנדירן זיינע איז א גוטע: אן ערנסטער, פלייסיקער, לאיאלער, מיט א גוטן ווילן. אין אנהייב פון דער פארהאנדלונג האט ער זיך אפגעזאגט פון א פארטיידיקער, דערקלערנדיק אז דאס וועט סיי ווי סיי נישט העלפן.

דער אורטייל: 1 יאר תפיסה. די מאטיוון פון דער קלענסטער שטראף, וועלכע איז פארגעזען פאר דעזערציע: דאס געריכט קוועסטיאנירט נישט דעם גוטן ווילן פון באשולדיקטן, נעמט אין אכט זיין כאראקטעריסטיק, באַשטראפט אים פאר א ביישפיל.

איזאק לעשמיאן, גאב. אין יאר 1911 אין לאדזש. איז אריינגעפאלן אין רוסישער געפאנגגנשאפט אלס פוילישער זעלנער, שיסער פון 31־טן קאניאקאווער פאַלק. אין רוסלאנד איז ער פארמשפט געווארן אויף 5 יאר תפיסה פאר אפזאגן זיך צו נעמען א סאוויעטישן פאספארט. ער גיט נישט גערן קיין דערקלערונגען. ער שטעלט פעסט, אז די אטמאספער אין פוילישן מיליטער איז געווען נישט צום איבערטראגן. ד״ר שווארצבארט האט צוגעזאגט צו אינטערווענירן, אבער ער האט גארנישט אויפגעטאן. לעשמיאן גיט נישט אן קיין איינצלהייטן פון שלעכטן טראקטירן, ער שטעלט פעסט, אז דאס זענען זאכן אין אלגעמיין גוט באקאנטע. אורטייל: א יאר מיט זעקס חדשים תפיסה.

וואלטער יולוסבערגער, געב. 1920 אין קרולעווסקאַהוטא, פארהייראט, א סטודענט פון פאליטעכניקום אין ענגלאנד, ארויסגעפארן פון פוילן אין יאנואר 1939. אין י. 1940 אריינגעטראטן אין דער פוילישער ארמיי. פריער האט ער זיך באמיט אנצוקומען אין דער ענגלישער ארמיי. אבער אן דערפאלג. אין דער פוילישער ארמיי איז ער אריינגעטראטן אלס פרייוויליקער, פול מיט בעסטן ווילן. ער שטרייכט אונטער, אז כאטש ער האט זיך געמאלדן אין פוילישן קאנסולאט אין יאנואר 1940, האט מען אים אנגענומען ערשט אין נאוועמבער. ער קלאגט זיך אויף כסדרדיקן שלעכטען באציען זיך צו אים מצד די קאלעגן און אפיצערן. „שטענדיק בין איך געווען א זשיד, צייטנווייז א פארשיווער זשיד, און ווען נישט ווען א קאמוניסט״. ער ברענגט א ריי פאקטן. דער שיסער לאווינסקי האט זיך אויסגעדרוקט: „צייט, אז היטלער זאל קומען קיין לאנדאן און אויפהענגען די ענגלענדער, שקאטן און דעם זונהזון ד״ר שווארצבארט״. טראץ דער אנקלאגע פון וואלטער יולוסבערגער איז לאווינסקי נישט באשטראפט געווארן. דער קאלעגע גראס האט געזאגט צו אים: „דו פארשיווער ייד, פארעטער פון פאטערלאנד!״ ער האט זיך געמעלדן צום ראפארט, אבער זיין אנקלאגע איז נישט אנגענומען געווארן. יולוסבערגער דערציילט ווייטער, אז דער קאפראל שיוועק האט בשעת א ראדיא־אודיציע וועגן קאמף אין ווארשעווער געטא, דערקלערט: „היטלער דארף אויסהרגענען אלע יידן, אנדערש וועלן מיר עס טון״. אויף דער פראגע פון פארזיצער, וואס פאר א פראצענט — לויט זיין מיינונג — איז פאראן אנטיסעמיטן און פילאסעמיטן אין פוילישן מיליטער, האט ער געענטפערט: 95 צו 5 פראצענט. די אומאויפהערלעכע דיסקרימינאציע האט ביי אים ארויסגערופן א נערוון־דערשיטערונג און אין שייכות

מיט דעם האט ער באקומען 3 וואכן אורלויב. נאכן צוריקקערן זיך האט זיך גארנישט געענדערט. אא״וו, אא״וו.

דאס מאל האט מען געמישפט 21 זעלנער. וויפל זענען פארמישפט געווארן אין אנדערע טערמינען?

**נאך דער באפרייונג**

דאס פוילישער פאלק גרויסט זיך מיט דעם, וואס עס האט נישט ארויסגעגעבן פון זיך קיין קוויזלינג. אין פוילן איז נישט געווען קיין קאלאבאראציע־רעגירונג ווי אין איינקיע אנדערע לענדער פון אייראפע. דאס זעלבע פוילישע פאלק קאן אבער נישט זאגן, אז לגבי דער יידןאויסראטונג האט עס ריינע הענט און א ריין געוויסן. די גרעסטע טייל פון פוילישן פאלק האט צוגעשטימט מיט די מערדער פון די יידן — איינגעהאלטן א נייטראלע פאזיציע. א סך פאַליאקן האבן געהאלפן דירעקט אין דער מארד־ארבעט.

און די פאליאקן וואס האבן זיך יא פארנומען מיט דערטיילן הילף די גערודפטע יידן — איז זייער גורל, דער גורל פון די רעטער, אין פיל פאלן געווען ענלעך צום יידישן גורל. זיי פלעגן אכזריותדיק אומגעבראכט ווערן דורך די אייגענע באוואפנטע מיטבירגער.

פון איין זייט האבן זיי געהאט קעגן זיך די דייטשן, פון דער צווייטער זייט די „פאטריאטן״ פון וואלד, וועלכע האבן גערעדט אין נאמען פון דער לאנדאנער פוילישער עמיגראציע־רעגירונג דורך איר דעלעגאטור אין לאנד. דעריבער דערמאנען מיר מיטן גאנצן ירעת־הכבוד די קאַוואלסקיס און לענטשיצקיס, וועלכע האָבן געראטעוועט יידן און איינגעשטעלט פאר זיי דאס לעבן.

אין יאָר 1944, מיט יעדן טריט, וואָס עס האָבן זיך דערנענטערט די סאָוויעטישע ארמייען, איז געוואקסן דער אומרו פארן חשבון, פארן דין, וואָס קאָן קומען. דער פחד און דער ווילן זיך צוצוגרטיין אן אליבי האָט אָפגעהאלטן פאר דענונציאציעס און די אלע וואָס האָבן געהאָלפן די יידן, האָבן זיך דערפילט זיכערער.

אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1944 הויבט זיך אָן דאָס באפרייען די פוילישע ערד פון היטלעריסטישן אָקופאנט דורך דער סאָוויעטישער ארמיי און דורך די פוילישע אָפטיילונגען אונטער דער אָנפירונג פון גענעראל בערלינג. כעלם, די כעלמער ערד האט די ערשטע אויפגענומען די זיגרייכע מיליטערן, געווען איז עס דעם 20־טן יולי 1944.

און איצט — אן איראָניע פון יידישן גורל: באפרייטע פון ערגסטן געפאר זענען דאך די ניצולים ווייטער נישט זיכער מיטן לעבן.

די זיגרייכע ארמיי און אירע אָנהענגער האָבן זיך תיכף גענומען איינפירן אָרדענונג. די אָנוועזנהייט פון סאָוויעטישער ארמיי האָט געהאט א דעצידירנדיקן איינפלוס אויף דער צוקונפט פון לאנד. די מאכט האָבן איבערגענומען די פוילישע קאָמוניסטן און זייערע ווייניקע פארבינדעטע פון אנדערע פארטייען. עס איז פארעפנטלעכט געוואָרן דער „מאניפעסט פון פוילישן קאָמיטעט פאר נאציאָנאלער באַפרייונג״, אין וועלכן מיר לייענען צווו. אנד. „יידן מוז

גאראנטירט ווערן דאָס צוריקגעבן זיי אלע זייערע רעכט, וואָס די דייטשן האָבן זיי צוגערויבט, און געבן זיי לעגאלע און פאקטישע פרייהייט".

די יידישע שארית-הפליטה, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון די באפרייטע טויט-לאגערן: מיידאנעק, שפעטער אָשווענטשים, שטוטהאָף און אנדערע — שאטנס פון מענטשן, וואָס די ברוינע מערדער האָבן נישט באוויזן אומצוברענגען, די ווייניקע וואָס זענען ארויס פון די באהעלטענישן, די וואָס האָבן געקעמפט אין די רייען פון פארטיזאנער, דורכגעמאכט דעם קאמפס-וועג פון לעניגראַד און די הונדערטער טויזנטער, וועלכע זענען געוועזן צעזייט און צעשפרייט אין סיביר און איבער די ווייטסטע ווינקעלעך פון רוסלאנד — זיי האָבן אלע טיף געגלויבט, אז די ווערטער פון יולי-מאניפעסט וועלן מיט דער גאנצער פינקטלעכקייט אויסגעפירט ווערן, אז דאָס נייע פוילן וועט פארריכטן די עוולות, וואָס די יידן האָבן געהאט אויסצושטיין אין פארמלחמהדיקן פוילן און בעת דער מלחמה, אויב עס האָט ככלל געקאָנט זיין א רייד וועגן פארריכטן דאָס וואָס איז געשען.

די ווירקלעכקייט איז אָבער געווען אזעלכע, אז צווישן די יידן האָט געהערשט אומרו און — פחד.

אין כעלם זענען געראטעוועט געוואָרן 15 יידן, וועלכע די דייטשן האָבן אויסגענוצט צו פארשיידענע ספעציאליסטישע ארבעטן. זיי האָבן זיך געפינען אין דער תפיסה, פון דאָרט האָט מען זיי יעדן טאג געפירט צו דער ארבעט. געבליבן לעבן זענען זיי א דאנק דעם אינסטינקט — עס איז זיי געלונגען צו אנטלויפן ווען די דייטשן האָבן זיך שוין געגרייט צו פארלאָזן די שטאָט. די אנטרונענע יידן זענען געזעסן באהאלטן דריי טעג אין א פינצטערן קעלער אונטער א חרוב הויז, הונגעריקע, דורשטיקע און שמוציקע. דעם דריטן טאָג איז איינער פון זיי ארויס זען וואָס עס טוט זיך און...

"ער איז צוגעגאנגען צום רויטארמייער און דערציילט, אז דאָ געפינען זיך 15 יידן. דער רויטארמייער האָט זיי געהייסן פארלאָזן דעם קעלער און האָט דערקלערט, אז מ׳ר זענען פריי..."

דער אָפגעראטעוועטער איסר זילבער שרייבט וועגן דאָזיקן טאָג, וועגן ערשטן טאָג פון פרייהייט: "איך בין גלייך ארויס אין שטאָט מיט שלמה ברוסטמאַן. דעם ערשטן קבלת פנים האָב איך געהאָט פון די פאָליאקן וועלכע האָבן אונדז אויפגענומען מיט שפּאָט און געשריי. "עס זענען שוין ווידער דאָ די זשידקעס, מען האָט זיי נאָך נישט אלע אויסגעשניטן".

לובלין איז געווען די ערשטע גרויסע שטאָט, וואָס איז באפרייט געוואָרן און דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאניזירן די מאכט-אָרגאנען און מלוכה-אינסטיטוציעס. דאָ, אָביעקטיוו גענומען, האָט די לאגע געדארפט זיין א גינסטיקערע פאר יידן און די זיכערקייט א גרעסערע. אָבער... עס שרייבט וועגן דעם דער באקאנטער היסטאָריקער פון תקופת השואה, נחמן בלומענטאל: ..." פון די קליינע שטעטלעך, פון פראָווינץ האָבן אָנגעהויבן קומען טרויעריקע בשורות אז ווי באלד עס באווייזט זיך דאָרט א ייד, ווערט ער אויף א געהיימען אופן דערהרגעט.

די דאָזיקע ידיעות האָבן זיך גענומען מערן און באלד האָט זיך די מגפה איבערגעטראָגן אין לובלין גופא. אין מיטן שטאָט איז געפאלן א ייד, א פוילישער אָפיציר. אין צענטער שטאָט, ביי זיך אין שטוב, אויף קרולעווסקי-גאַס איז דערשאָסן געוואָרן לייב פעלהענדלער, איינער פון די אָרגאניזאטאָרן פון אויפשטאנד אין סאָביבאָר".

די רעגירונג, וועלכע האָט ערשט געהאלטן ביים אָרגאניזירן זיך, איז נאָך געווען צו שוואך, זי זאָל מיט א מאָל קענען אָפשטעלן די דאָזיקע מערדערישע טעטיקייט.

דער פחד וואָס האָט באהערשט די יידן איז געווען כאַראקטעריסטיש נישט נאָר פאר דעם יאָר 1944, ווען בלויז א טייל פון דער פוילישער ערד איז געווען פריי פון אָקופאנט (מזרח ביז צו דער ווייסל) — דער זעלבער אומרו האָט באגלייט די יידן אין 1945 נאָך דער ענטגילטיקער קאפיטולאציע פון די דייטשע ארמייען, און אין י. 1946.

פחד, אומזיכערקייט און אומרו פון דער שארית-הפליטה דרינגען ארויס פון די צענדליקער טויזנטער גבית-עדות אָנגעשריבענע דורך די על-פי-נס געראטעוועטע. די יידן האָבן פארלאָזט כמעט אלע קלענערע שטעטלעך, ווו עס האָט זיי געדראָט דער טויט, און זיך קאָנצענטרירט אין עטלעכע גרעסערע צענטערס. אין י. 1946 זענען אין גרעסערע שטעט געשאפן געוואָרן יידישע באוואָפנטע גרופעס, וועלכע האָבן געדארפט פארטיידיקן דאָס יידישע לעבן.

די פאָלקס-דעמאָקראטישע מאכט אין פוילן האָט אין אירע באציונגען צו די יידן פון סאמע אנהויב אָן ארויסגעוויזן א נישט קאָנסעקווענטקייט, א צוריקגעהאלטנקייט און אפילו צביעות. דאָס אלץ איז געקומען צום אויסדרוק אין פארשיידענע דערקלערונגען און דעקלאראציעס פון די מאכט-אָרגאנען און אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן, אָנהויבנדיק פון פוילישן קאָמיטעט פאר נאציאָנאלער באפרייונג (פ. ק. וו. נ.) פון זיין ערשטן מאניפעסט — ביז צום סוף, ד. ה. ביז די יידן האָבן פארלאָזט פוילן. עס איז געווען א טראגישער אונטערשייד צווישן די דעקלאראציעס און דער פראקטיק. אָט די דאָזיקע קעגנזעצלעכע עלעמענטן פון דער מלוכה-פּאָליטיק האָבן געהאט זייער טראגישע פאָלגן פאר די יידן. אין מאניפעסט פון 1944 איז געשריבן: "צוריקקערן אלע דעמאָקראטישע פרייהייטן און גלייכהייט פון אלע בירגער אָן אונטערשייד פון ראסע, גלויבן און נאציאָנאליטעט". וועגן יידן ווערט דאָרט געזאָגט: "די יידן וואָס זענען בארבאריש געמאָרדעט געוואָרן דורך דעם אָקופאנט, וועט גאראנטירט ווערן דער אויפבוי פון זייער עקזיסטענץ, ווי אויך די רעכטלעכע און פאקטישע גלייכבארעכטיקונג".

בעת דער דערעפענונג פון דער ערשטער סעסיע פון נאציאָנאלן לאנד-ראט אין לובלין, דעם 15-טן אויגוסט 1944 איז איינשטימיק אנגענומען געוואָרן א פראָגראם-דעקלאראציע, אין וועלכער מיר לייענען: "דער נאציאָנאלער לאנד-ראט (קראיאָווא ראדא נאראָדאָווא) טאדלט ווי אמשארפסטן דאָס אויפרייצן נאציאָנאלע אָדער רעליגיעזע אנטאגאָניזמען. אין באפרייטן פוילן איז נישטאָ קיין אָרט אויף רציחות, רויב און ראסן-האס, וואָס ווערן פאָרגעזעצט נאָכן פארטרייבן דעם מערדערישן אָקופאנט, דורך זיינע

אגענטורן. אין דעמאָקראַטישן פּוילן וועט זיין פרייהייט, גלייכהייט, זיכערקייט, פולע בירגערלעכע רעכט און פאַרזיכערונג פון עקאָנאָמישער עקזיסטענץ פאַר אלע אָן אויסנאַם בירגער".

אויף דער צווייטער סעסיע פון זעלבן ראַט, דעם 11־טן סעפּטעמבער 1944 איז אין עקספּאָזע פון פּאָרזיצער פון פּוילישן קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג פאָרמולירט געוואָרן די שטעלונג פון דער רעגירונג לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אויפן פאָלגנדיקן אופן: "דער ביים לעבן געבליבענער יידישער באַפעלקערונג וועט גאַראַנטירט ווערן די פולע גלייכבאַרעכטיקונג. די עוולות, וועלכע דער אָקופּאַנט האָט געטאָן דער באַפעלקערונג, דאָס פולשטענדיקע באַרויבן זיי פון האָב און גוטס, וועט אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן פאַרריכט ווערן".

כמעט אויף יעדער זיצונג פון ראַט, נישט זעלטן אויף די רעגירונגס־זיצונגען זענען אָנגענומען געוואָרן דעקלאַראַציעס, אין וועלכע מען האָט די יידן נישט פאַרגעסן. ווען מיר אַנאַליזירן דעם אינהאַלט פון אלע צוזאָגן געמאַכטע די יידן, מוזן מיר פעסטשטעלן, אַז ווען דאָס וואָלטן נישט געווען בלויז פוסטע רייד, וואָלטן די יידן אין רו און זיכערקייט געקענט אויפבויען זייער נייע היים אין פּוילן. אָבער צווישן די ווערטער און טאַטן איז געווען א תחום. די מאָרדן אויף די יידן האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט. נאָך יעדער כוואַליע פון הריגות איז געקומען א פרישע דעקלאַראַציע און ווידער אַן דעקונג, ווייל פּראַקטיש איז גאָרנישט געטאָן געוואָרן, כדי א סוף צו מאַכן צום יידן־מאָרד.

מען האָט געהרגעט די ניצול געבליבענע אין אלע שטעט און שטעטלעך. פאַרברעכערישע באַנדעס פלעגן רעווידירן די צוגן און אַרויסשלעפּן פון די וואַגאָנען יידישע פּאַסאַזשירן, הרגענען זיי — און געווען זענען עס נישט אייַנצלנע פאַלן, געווען איז עס א מאַסן־דערשיינונג.

ווינצענטי זשימאָווסקי, דער אַמאָל באַרימטער פּוילישער פּובליציסט, מיטגליד פון דער ליטעראַטור־אַקאַדעמיע, אין יאָר 1944 מיניסטער פאַר קולטור און קונסט, שפּעטער (1945) מיניסטער פאַר אויסערן־ענינים, האָט זיך אויסגעדריקט אין א שמועס מיט יאַנאַס טורקאָוו: "יאָ, היטלער האָט געפונען ביי אונדזן אין לאַנד א גלענצנדיק צוגעגרייטן באָדן פון אונדזערע רעאַקציאָנערע עלעמענטן פון פאַר דער מלחמה. ער האָט אין זיי געפונען געטרייע שותפים. גאָט צו דאַנקען, וואָס אונדזער פאָלק האָט אויך געהאַט צו פאַרצייכענען פיל קרבנות־גרייטקייט, אָפּפערוויליקייט לגבי די יידישע מיטבירגער".

די לאַגע פון די פּוילישע יידן אין יענער צייט קאָן כאַראַקטעריזירן דער אויפרוף, וואָס איז דעמלט פאַרשפּרייט געוואָרן דורך דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג אויף די באַפרייטע פּוילישע געביטן: "...קיינמאָל האָבן די יידן אין פּוילן נישט געזוכט און נישט געפונען קיין געמיינזאַמע פּלאַטפאָרם מיטן פּוילישן פאָלק. דער ייד האָט קיינמאָל ערלעך נישט אָפּגעגעבן זיינע כוחות און מעגלעכקייטן צו דינען די, וואָס האָבן אים אַריינגענומען אין זייער היים. זיי האָבן שטענדיק אונטערגעשטראָכן זייער עטנישע אַנדערשקייט און גייסטיקע פרעמדקייט. צוזאַמען מיט אונדז, הגם צוליב גאַנץ אַנדערע מאָטיוון, זענען יידן פאַרפאָלגט געוואָרן און האָבן געליטן שוידערלעכע קלעפּ, וועלכע האָבן זיי אָפּגעווישט פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד. אינערגעץ זענען זיי אָבער נישט אומגעקומען פאַר פּוילן. זיי זענען אומגעקומען פון דייטשישער פאַראַכטונג צו זיי. ס'זענען קיינמאָל נישט פאַראַן קיין רעזולטאַטן אָן סיבות, וואָס פירן דערצו. די דורותדיקע נעמעזיס איז זיך נוקם און לאָזט נישט איבער קיין נישט געדעקטע חשבונות. אויב זיי, די יידן וועלן נישט אָפּטרעטן פון דעם וועג, וואָס זיי האָבן אומגליקלעכערהייט ווידער אויסגעקליבן — דאָס דינען פרעמדע קעגן פּאָליאַקן — וועט זיי טרעפן א שווערע שטראָף! עס וועלן זיי דעמלט נישט העלפן און נישט ראַטעווען זייערע געענדערטע פאַלשע נעמען, זייערע איינגעהאַנדלטע פּוילישע מעטריקעס, א ל ע זענען זיי אונדז ב א ק א נ ט! דורך פּאָליאַקן וועלן זיי אויסגעפונען און דעמאַסקירט ווערן. זיי וועלן געשטעלט ווערן פאַרן מישפּט פון פּוילישן פאָלק!!!"

די אַנטיסעמיטישע טעראָר־כוואַליע האָט דערגרייכט איר הויך־פּונקט אין י. 1946, צוויי יאָר נאָך דעם פאַרעפנטלעכן דעם יולי־מאַניפעסט. סיסטעמאַטיש ווערן די יידן פאַרטריבן פון זייערע היימען. סיסטעמאַטיש קומען פאַר מאָרד־אָנפאַלן אין אלע שטעט און שטעטלעך, ווו עס געפינען זיך יידן. די פאַרפאָלגטע און איבערגעשראָקענע טראָגן זיך איבער קיין וואַרשע, לאָדזש, קאַטאָוויץ, קראָקע, ביאַליסטאָק, שטשעטשין און וראָצלאַוו, אָבער אויך דאָ פאַלן יעדן טאָג קרבנות.

אין נומער 2 פון "דאָס נייע לעבן" פון 19 אַפּריל 1945 איז אָפּגעדרוקט א קאָמוניקאַט פון צ. ק. פון די יידן אין פּוילן. מיר לייענען אין אים צוו. אַנד.: "...די זעלבע כוחות פון דער פּוילישער רעאַקציע, וואָס זענען פאַר דער קריג געווען אַגענטורן פון פאַשיזם, ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָבן בעת דער אָקופּאַציע זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן — האָבן געמאָרדעט און מאָרדן ווייטער די קעמפער פאַר א דעמאָקראַטיש און גערעכט פּוילן, די זעלבע כוחות האָבן רעאַליזירט און רעאַליזירן ווייטער דעם היטלעריסטישן פּלאַן פון פאַרניכטן דאָס פּוילישע יידנטום. דאָס באַשטעטיקט נישט־צווייידייטיק דער פאַקט, וואָס אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי יאָר האָבן די באַנדעס געמאָרדעט כמעט אין גאַנצן לאַנד..."

ד"ר עמיל זאָמערשטיין, דער פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט און דעפּוטאַט אויף דער אַכטער סעסיע פון לאַנדישן נאַציאָנאַל־ראַט, האָט געזאָגט צוו. אַנד.: "מיר שאַצן אָפּ די היינטיקע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג נישט נאָר לויט די מאָרדן וואָס ווערן אויסגעפירט אויף יידן. מיר שטעלן פעסט אַז דאָס קומט נאָך פאָר, אַז די מאָרדן חזרן זיך כסדר איבער. אויף דער פריערדיקער סעסיע אין מאַי האָב איך אָנגעגעבן ציפערן, פון יענער צייט אָן קומען צו אַלץ נייע קרבנות אין א גאַנצע ריי געגנטן, פון פּשעדבאָזש אָדער סוכעדניעוו, פון זאַראַניע אָדער וויערזשבניק, פון זאַבלודאָווע אָדער סאָכאָוואָליע, צי פון טשענ־

סטאכאוו, צי פון טארנאג־אד אדער פון אנדערע געגנטן. איך וויל אונטערשטרייכן געוויסע כאראקטעריסטישע אייג־צלהייטן. עס קערן זיך אום קרבנות פון הילעריסטישע לאגערן, פון אשוויענטשים, א טאג, צוויי זוכן זיי זייערע פאמיליעס און קומען אום. אזוי איז געווען אין פשעד־בוזש. און ווייסט איר, דעפוטאטן, ווער עס איז אומגעקומען אין פשעדבוזש? אפשר מיינט איר אז ספעקולאנטן? ניין. ס'איז אומגעקומאן א שניידער, א שאפער, א שניידערין, א צווייטע שניידערין, עס איז אומגעקומען א קינד, וואס איז געבוירן געווארן דעם 2־טן יוני 1939 י. קורץ פאר דער מלחמה. דאס ווערט אלץ איבערגעחזרט אין לובלין, אין דער גרויסער וואיעוואדישער שטאט. אין שפיטאל פון די שאריטקעס זענען געלעגן צוויי קראנקע יידן. 10 א זייגער אין אוונט זענען אריינגעפאלן צוויי פארשוינען, ס'איז נישט באוווסט וויאזוי זיי זענען אריין, און אין שפי־טאל אויף די שפיטאל־בעטן האבן זיי דערמארדעט ד' צוויי קראנקע. דאס זענען שרעקלעכע זאכן. די אומדירעקטע אינטערווענץ וועגן דעם ענין געהערט נישט צום הויכן הויז און צו דער געזעלשאפט, נאר צו די זיכערהייטס־אר־גאנען, צו די געריכטן, צו דער פראָקוראטור. מיר מאכן אָבער אויפמערקזאם, אז צווישן די עלעמענטן אויף די ני־דעריקע שטאפלען פון דער מיליץ אָדער זיכערהייטס־אָרגא־נען זענען פאראן פארשוינען, וואָס האָבן זיך אריינגעגנבעט פון רעאקציע־לאגער, וועלכע פאראליזירן די פאראָרדע־נונגען פון דער העכערער מאכט. אזא איז די לאגע — עס איז נישט פאראן איצט קיין מעגלעכקייט פון אָפענעם קאמף, עס איז נישט פאראן קיין אָפענער פאשיסטישער אָדער היט־לעריסטישער פראָנט פון רעאקציע...

...מיר קוקן אויף דער לאגע פון דער יידישער באפעל־קערונג נישט נאָר פון שטאנדפונקט פון זיכערקייט, לעבן און אייגנטום, נאָר אויך פון שטאנדפונקט פון דער אטמאָספער. און די אטמאָספער איז א פארסמטע. לעצטנס האָט מען זיך געכאפט פאר אזא מיטל: אין זשעשאָוו האָט מען געלאָזט אין גאנג דאָס אלטע מעשהלע וועגן ריטועלן מאָרד, די גאנ־צע יידישע באפעלקערונג איז טעראָריזירט געוואָרן און האָט פארלאָזט די וואָעוואָדישע שטאָט זשעשאָוו. וואָס פאָדערן מיר? מיר פאָדערן נישט אזוי פיל פון דער רעגירונג, ווי פון דער פוילישער געזעלשאפט, אז די אטמאָספער, אז דאָס היטלעריסטיש מיסט זאָל אויסגעקערט ווערן, מען זאָל איינמאָל פאר אלע מאָל מיט דעם פארענדיקן. עס זאָל רעאליזירט ווערן דאָס, וואָס איז היינט געזאָגט געוואָרן אין דער דעקלאראציע, אז עס זענען נישט פאראן קיין נאציאָ־נאלע אָדער רעליגיעזע אונטערשיידן, אז יעדער בירגער האָט דאָס רעכט זיך פילן אלס גלייכבארעכטיקטער, אז ער זאָל האָבן דאָס רעכט אויף פולער אכטונג פון זיין מענטש־לעכער און נאציאָנאלער ווירדע, אז נישט די פאמילע אָדער געזיכטס־שטריכן דארפן דעצידירן וועגן זיין פרייהייט און זיכערקייט, וועגן זיין ווירטשאפטלעכער און סאָציאלער לאגע, וועגן דער מעגלעכקייט פון פרייעם באוועגן זיך".

ווי עס דרינגט ארויס פון דער דאָזיקער רעדע, איז צוגעקו־מען א נייער געפערלעכער פאקטאָר אין דער טעגלעכער פראקטיק פון רדיפות, העצן און מאָרדן: עלילת דם.

שבת דעם 11־טן אויגוסט 1945, ווען די סינאגאָגע אויף מיאָדאָווא 27 אין קראָקע איז געווען פול מיט יידן, וואָס זענען געקומען דאווענען, איז זי באפאלן געוואָרן דורך א גרופע כוליגאנעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו באווארפן דעם בנין מיט שטיינער. ווען איינער פון די באנדיטן איז פארהאלטן געוואָרן, האָט זיך דער צעיושטער המון געוואָרפן אויף דעם יידישן זאמל־פונקט אויף מיאָדאָווא 26, און זיך געלאָזט איבער די יידישע וווינונגען שלאָגנדיק און רויבנ־דיק. יידישע דורכגייער זענען געוואָרן באפאלן. אויך יידן אין מונדירן פון פוילישן מיליטער זענען נישט געשוינט געוואָרן. אויף דער וואלניצע האָבן די רוצחים דערשאָסן די 55־יאָריקע פרוי בערגער און שווער פארוואונדעט אנדערע 5 יידן. ביי דער עלעקטראָווניע האָט א כוליגאן צעפלעט דעם קאָפ א יידישער פרוי. דער המון האָט זיך אריינגעריסן אין דער סינאגאָגע, די ספרי־תורות ארויסגעשלעפט אויף דער גאס און געמאכט אן אויטאָ־דא־פע. די סינאגאָגע גופא האָבן זיי אונטערגעצינדן פון אינעווייניק.

ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, איז די פראָוואָקאציע געווען צוגעגרייט פריער. די אדרעסן פון די יידישע הייזער האָבן די פארברעכער געהאט אויף א ספעציעלער ליסטע.

דער 14־יאָריקער צייטונגס־פארקויפער סטאניסלאוו ניאק האָט בעת דער אויספאָרשונג דערציילט, אז איינער א מאן, אָנגעטאָן אין א מיליטערישן מונדיר האָט אים געהייסן אריינ־גיין אין דער סינאגאָגע און ארויסלויפן מיט א געוואלד: „ראטעוועט, יידן האָבן מיך געוואָלט הרגענען!", און שרייען, אז ער האָט געזען אין דער סינאגאָגע א דערמאָרדעט קריסט־לעך קינד.

בעתן איינשטילן דעם המון, איז דאָס מיליטער און די מיליץ צוויי מאָל באשאָסן געוואָרן פון די הייזער אויף פאָד־זשעטשנא 5 און פון דיעטלא 16.

אויף די קראָקעווער גאסן האָבן זיך באוויזן אָפטיילונגען פון רוסישן מיליטער, וואָס האָבן גלייך אָפגעשטעלט דעם פאָגראם. מען דארף דאָ באמערקן, אז די סאָוויעטישע אָפ־טיילונגען, וועלכע זענען ארויס אין די גאסן אינטערווענירן און פארטיידיקן די יידן, זענען באשטאנען לרוב פון יידישע זעלנער. זיי האָבן געקעמפט מיט מסירת־נפש און לסוף צע־טריבן די באנדיטן.

צווישן די דעלעגאציעס פון דער יידישער געזעלשאפט, וועלכע האָבן אינטערווענירט ביי באזונדערע מיניסטאָרן, איז אויך איינע פון זיי געווען ביי דעם מיניסטער פאר עפנט־לעכער אדמיניסטראציע, ד"ר קיערניק. דער מיניסטער האָט נישט ארויסגעוויזן קיין באזונדערן אינטערעס פאר יידישע ענינים. אויף דער באמערקונג, אז לויט די אינפאָרמאציעס, וועלכע דער יידישער קאָמיטעט פארמאָגט, ווערן אויף די קאָנפערענצן פון דער פויערים־פארטיי אָנגענומען אנטי־סעמיטישע רעזאָלוציעס, ענטפערט דער מיניסטער, אז דאָס איז נישט אמת. די ענינים — האָט ער געזאָגט — זענען נישט קיין אָביעקט פון אונדזערע פארינטערעסירונגען. אונדז אינ־טערעסירט מער די אגראר־רעפאָרם און די וואלן. צום סוף האָט דער מיניסטער דערקלערט, אז די וועלכע באטייליקן זיך אין אנטי־יידישע עקסצעסן, וועלן באשטראָפט ווערן.

די אינטערווענצן פון יידישע מנהיגים האָבן נישט געהאט

קיין השפעה. וואָס פאר א רעזולטאטן האָט געקאָנט געבן די אינטערווענץ ביים מיניסטער קיערניק, ווען ער אליין איז געווען א פארביסענער אנטיסעמיט און האָט זיך מיט דעם לגמרי נישט אויסבאהאלטן.

יאנאס טורקאָוו שרייבט וועגן דעם אין זיין בוך: „בעת איינער פון מיינע פארהאנדלונגען מיט די מלוכה־פירער איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיטן מיניסטער פאר עפנטלעכער אדמיניסטראציע, ד״ר וול. קיערניק, וועגן דער פּאָגראָם־כוואליע, וואָס האָט ארומגעכאפּט דאָס גאנצע לאנד און וואָס דראָט אויסצוראָטן די רעשטלעך ניצול־געוואָרענע פון די גאז־קאמערן. קיערניק האָט מיר געזאָגט: „די דאָזיקע פראגע ליגט נישט אין מיין קאָמפּעטענץ. מיך אינטערעסירן איצט די לאנד־רעפאָרמען און דער פּראָבלעם צו פארבעסערן דעם לעבנס־סטאנדארט פון די פויערים״.

„אָבער מיר ווייסן, הער מיניסטער — האָט אים געענטפערט טורקאָוו — אז איר האָט א גרויסע השפעה אויף דער פויערים־מאסע און אייער וואָרט וואָלט געקאָנט לינדערן א ביסל די אנטי־יידישע שטימונגען צווישן זיי. אָט האָבן מיר ידיעות, אז אויף א מאסן־מיטינג, וואָס איז אפּגעהאלטן געוואָרן אין דעמביצע נעבן קראָקע, האָט איינער פון די רעדנער זיך באנוצט מיט אנטיסעמיטישע אויסדרוקן. דאָס קאָן נישט העלפן מילדער מאכן די אנטי־יידישע שטימונגען...״

„איך האָב וועגן דעם נישט געהערט״ — האָט קיערניק געענטפערט. און יאנאס טורקאָוו גיט צו, אז דער דערמאָנטער רעדנער אין דעמביצע איז געווען טאקע קיערניק בכבודו ובעצמו.

נאָך דעם דאָזיקן שמועס איז טורקאָוו אוועק מיטן טעקסט פון קיערניקס רעדע צום זיכערהייטס־מיניסטער סטאניסלאוו ראדקיעוויטש. דער מיניסטער האָט אים געענטפערט: „וואָס ווילט איר, איך זאָל ארעסטירן קיערניקן? ער איז דאָך א מיניסטער פון אונדזער רעגירונג. עס וועט, ליידער, נעמען א סך צייט, ביז מען וועט איבערדערציען דעם טייל פון דער פוילישער באפעלקערונג, וואָס איז אָנגעשטעקט מיט אנטי־סעמיטיזם״.

„הייסט עס — האָט טורקאָוו געזאָגט — אז ביז מען וועט זיי איבערדערציען, דארפן מיר דערווייל זיין רואיק און צוקוקן זיך ביז מען וועט אויסמאָרדן דעם לעצטן ייד?״

„וואָס־זשע ווילט איר? — האָט אויסגערופן ראדקיעוויטש — איך זאָל פארשיקן אויפן סיביר 18 מיליאָן פּאָליאַקן?״

דער מיניסטער ראדקיעוויטש האָט כמעט געטראָפן אין פינטל: 18 מיליאָן — דאָס גאנצע פוילישער פאָלק איז געווען שטארק פארבונדן מיט דער אנטיסעמיטישער טראדיציע. און דער ענטפער פון קאָמוניסטישן מיניסטער האָט נישט געקאָנט אָנזאָגן קיין ראדיקאלע ענדערונג אין דער פראגע.

אָבער אין די פוילישע שפּיצן האָט זיך פאָרט א ריר געטאָן, מען האָט געמוזט נעמען א וואָרט, און דאָס א דאנק דעם רושם, וואָס די בלוטיקע אנטי־יידישע עקסצעסן האָבן געמאכט אין דער וועלט, און קודם־כל אין אמעריקע. פוילן האָט זיך זייער געניטיקט אין אויסלענדישער הילף און איצט האָט דאָס געקאָנט זיין א שטערונג די הילף צו באקומען. עמנועל סעללער, דער ניו־יאָרקער פארשטייער אין רעפּרעזענטאנטן־הויז האָט דערקלערט: „די ידיעות וועגן די אנטיסעמיטישע פּאָגראָמען רופן ביי אונדז ארויס א טיפן באדויער. עס איז קלאָר, אז די רעגירונג, וואָס וואָלט טאָלערירט די היטלעריסטישע מעטאָדן לגבי דער יידישער באפעלקערונג, וואָלט נישט געקאָנט רעכענען אויף דער סימפּאטיע פון דער אמעריקאנער געזעלשאפט״.

דער מיטגליד פון דער סענאט־קאָמיסיע פאר אויסערלעכע ענינים, סענאטאָר פעפּער האָט דערקלערט: „מיר, אמעריקאנער זענען דערשיטערט פון דער ידיעה וועגן די אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען אין קראָקע. די אמעריקאנער עפנטלעכקייט איז ביי דער מיינונג, אז בלויז דער פאקט, אז עס איז געווען מעגלעך אָנצופאלן אויף א נאציאנאלער



עס־קא (ספּעציעלע קאָמיסיע) יידישע זעלבשוץ קעגן אנטיסעמיטישע באנדעס, 1946

מינדערהייט, שטעלט מיט זיך פאַר אן ערנסטע סכנה און וועקט ביי אונדז פארשטענדלעכע זאָרג. אנטיסעמיטיזם באַדייט א סוף צו אלע גערעכטע יסודות און גרויסע אידעאַלן, פאר וועלכע מען האָט געקעמפט אין דער מלחמה".

דער קראַקעווער "דזשענניק פּאַלסקי" האָט מיטגעטיילט, אז דער דירעקטאָר פון אונרראַ הערבערט לעהמאַן האָט אָפּגערופן זיין וויזיט אין פוילן צוליב די אנטי-יידישע עקסצעסן אין קראקע. די צייטונג האט איבערגעגעבן, אז אין אמעריקע קומען פאר פראטעסט-מיטינגען קעגן די אנטי-יידישע געשעענישן און שרייבט: "אט דאס זענען די רעזולטאטן פון דער טעטיקייט פון הייפעלע רעאקציאנערן, וואס אויף דעם חשבון פון פוילישן פרעסטיזש און אינטערעסן פון פוילן אויפן אינערנאציאנאלן פארום, ווילן זיי געבן צו וויסן וועגן זייער עקזיסטענץ".

די קרייז-קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען אין קראקע האט אין שייכות מיט דעם ארויסגעשיקט פאלגנדיקע דעפעשע צום דירעקטאר לעהמאן: "פאר די קראקעווער געשעענישן קאן נישט זיין פאראנטוואָרטלעך פוילן. דער קראקעווער ארבעטער-קלאס האט זיך אפגערעכנט מיט די פארברעכער. מיר בעטן צו ענדערן די דעציזיע און קומען קיין פוילן".

א פאזיטיווע דערשיינונג מצד דער רעגירונג אין ענין פון באשיצן די געראטעוועטע יידן איז געווען דער באפעל פון קאמענדאנט פון דער מיליץ, גענעראל בריגאדי וויטאַלד (פראנצישעק יוזשוויאק), ארויסגעגעבן צו דער מיליץ אין לאנד: 1) אין אלע פאלן פון אנטיסעמיטישע אויסגעפירטע אדער פלאנירטע אנפאלן, דארף מען אדורכפירן אן אויספארשונג און קלאר מאכן די סיבות. אין פאל פון א מארד, וועלכער האט נישט געהאט קיין רויבערישן גרונט און איז געקומען אין רעזולטאט פון רעאקציאנערן אנטיסעמיטיזם, אויסזוכן אויסער די מערדער די איבעריקע פערזאנען, וואס פירן אן מיט דער העצה. 2) אין די ארטשאפטן, וואס זענען באוווינט דורך דער יידישער באפעלקערונג, ארגאניזירן אן אופן ווי אזוי צו אלארמירן מיליץ-אפטיילונגען בעת אן אנפאל. באפעלן די פאטראלן פון מיליץ, אז בעתן אויספירן זייער דינסט, זאלן זיי ספעציעל לייגן אכט אויף דער זיכערקייט פון די יידישע משפחות אין די ראיאנען און ווען מען וועט דאס דארפן — תיכף קומען צו הילף. 3) יעדער פונקציאנאר פון דער בירגער-מיליץ טרעט ארויס אומעטום אין שוץ פון דער יידישער באפעלקערונג, דארט ווו עס ווערט באדראט דאס לעבן, אדער פארמעגן.

אבער אויך דער דאזיקער באפעל האט נישט אפגעשטעלט די מארד-כוואליע, וועלכע האט דערגרייכט איר הויכפונקט אין יוני און יולי 1946.

אין קעלץ האט זיך פאראייניקט קעגן די יידן דער גאנצער המון, אלע שיכטן פון דער פוילישער געזעלשאפט. קליין און גרויס, פרויען און מענער, פראסטאקעס און געבילדעטע, גלויביקע און פריידענקער, מונדירטע און ציווילע. צוויי הונדערט יידישע משפחות האבן געהאט קעגן זיך צענדליקער טויזנטער צעיושעטע בלוטדורשטיקע שונאים, א טייל פון זיי אין מונדירן, מיט ביקסן, א טייל מיט קורץ געווער, און דער המון מיט שטיינער, שטעקנס, מיט מעסער — אלע קעגן די געציילטע אומבאהאלפענע, אויפן גנאד פון דער ווילדער מאסע געלאזענע יידן. און דער רעזולטאט: העכער 100 יידישע קרבנות, געהרגעטע און פארוואונדעטע.

דעם הויפט-אנגריף האט דער המון געמאכט אויף דער "יידישער פעסטונג" אויף פלאנטי 7, דא האט זיך געפונען דער יידישער קאמיטעט, די רעליגיעזע קהילה און א קיבוץ פון "איחוד הציוני". פאר אט דעם בנין האבן זיך פארזאמלט די מערדער, דא זענען זיי געקומען זוכן "די דערמארדעטע פוילישע קינדער".

די באלאגערטע האבן כסדר טעלעפאנירט אין דער או. ב. (זיכערהייטס-אמט) און אין דער מיליץ, צו די פוילישער און רוסישע מיליטערישע אפטיילונגען, אבער דאס איז געווען א רוף אין מדבר. די פוילישע אמטן האבן צוגעזאגט צו העלפן, זיי האבן צוגעזאגט באלד צו קומען, מען האט זיי אבער נישט געזען. די רוסישע אפיצירן האבן זיך פארענטפערט, אז זיי קענען נישט קומען מיט אן אינטערווענץ, ווייל זיי האבן נישט קיין פוילישע מונדירן; אויב זיי וועלן קומען אין רוסישע מונדירן, וועט מען זאגן, אז רוסן טרעטן ארויס קעגן פוילישע ארבעטער. אויף די הילפס-רופן איז דאך ענדלעך געקומען די מיליץ. דער עד-רואה יחיאל אלפערט, דער מיטגליד פון קאמיטעט-פארוואלטונג האט זיי אליין געזען אין פענצטער און האט זיך דערפרייט, אבער די מיליציאנערן זענען באלד נעלם געווארן.

11 א זייגער פאר מיטאג האבן זיך דערהערט שאסן, דער עדות איז געווען זיכער, אז דאס זענען געקומען זעלנער כדי צו פארטרייבן דעם המון, אז מען שיסט אין דער לופטן, כדי די פארפאלגער אפצושרעקן — און אויך דאס איז געווען א טעות. מיט א דורכנעמענדיקן פייף בלייבט שטעקן א קויל אין וואנט פון ביורא-צימער. ס'איז נישטא קיין רעטונג. פארן ארייגאנג אין בנין שטייט א יונגע פוילישע פרוי און שרייט היסטעריש: "גוט אייך! איר האט דערהרגעט יעזוסן און איצט ווילן מיר אייך באצאלן! גענוג האט איר געטרונקען אונדזער בלוט!" אין א האלבע שעה שפעטער איז אין ביורא פון קאמיטעט ארייגעלאפן א חברה פון קיבוץ מיט א געשריי: "מען הרגעט אין קיבוץ!" דער פארזיצער פון קאמיטעט ד"ר קאהאנע און דער עדות י. אלפערט זענען ארויסגעלאפן אין קארידאר, אויפן צווייטן שטאק. זיי האבן נאך נישט פארשטאנען וואס עס איז געשען, אויף די טרעפ זענען געשטאנען זעלנער מיט ביקסן, אויך אין קיבוץ זענען געווען זעלנער, זיי זענען עס אריין אין ערשטן צימער פון קיבוץ מיט א ביקס-פייער. צוויי מיידלעך זענען ארויסגעוואָרפן געוואָרן דורכן פענצטער אויף דער גאס. און אזוי האט זיך אנגעהויבן די הריגה.

נישט אלע יידן פון פלאנטי 7 זענען געפאלן טויט. א פאדפאלקאווניק אין א פוילישן מונדיר, וועלכער האט גערעדט פויליש מיט א שלעכטן אקצענט, האט אויפן הויף געגעבן באפעלן די זעלנער און האט אויף א לאסט-אויטא ארויסגעפירט פון באדראטן פלאץ אזויפיל מענטשן וויפל ער האט געקאַנט. מען האָט זיי צוגעפירט צו די בנינים פון זיכערהייטסאמט. אבער די אנדערע...

די מערדער האבן זיך צעשפרייט איבער דער שטאט, מען האט ארויסגעשלעפט יידן פון די וווינונגען און בעסטיאליש

געמאָרדעט, מען האט מאלטרעטירט די דורכגייער אין גאס. די סטראַטעגן פון דער שחיטה האבן פארשטאנען, אז געוויס וועלן יידן פרוּוון אנטלויפן פון שטאט מיט דער באן און זיי האבן אפגעהאלטן נאך איין זיג — מען האט געמאָרדעט אויפן וואקזאל, אין די וואגאנען, אויף די סטאציעס.

דער גערעטעוועטער ייד יעקב קליימאן האט דערציילט: ווי נאר דער צוג האט זיך אפגעשטעלט, האט אַ באנדע פון עטלעכע הונדערט יונגע כוליגאנעס אנגעהויבן זוכן יידן אין די וואגאנען. די געפונענע זענען בלוטיק צעשלאגן געווארן, אויך אים האבן די כוליגאנעס ארויסגעווארפן פון צוג, אבער עטלעכע זעלנער וואס זענען געפארן אין זעלבן צוג האבן אים און נאך פינף יידן ארויסגעריסן פון זייערע הענט און אפגעפירט ביז סקארזשיסקא.

דער ניצול־געווארענער ייד ליבהאבער איז געווען אַן עדות ווי אויף דער סטאציע פשטשאקאוו, 10 קמ. פון קעלץ האבן כוליגאנעס אראפגעשלעפט פון צוג א יידישע פרוי און זי געהרגעט אויפן ארט. יעקב אלעקסאנדראוויטש, א קעלצער ייד מיט א "גוטן" אויסזען, האט זיך יענעם קריטישן טאג געפונען צווישן המון אויף דער צענטראלער גאס שענקעוויטשא. פארן פארזאמלטן המון איז געשטאנען א מענטש אין בגדים פון א קאטוילישן גלח און האט געהאלטן אן אונטער־העצערישע דרשה. אלעקסאנדראוויטש אנטלויפט צום וואקזאל, אויפן וועג זעט ער ווי עטלעכע כוליגאנעס דערהרגענען מיט שטעקנס א יידן. דער קרבן איז שוין געלעגן אין א באַוווסטלאָזן צושטאנד, אין א קאלוזשע בלוט און די רוצחים האבן נאך אלץ נישט אפגעלאזט אים און כסדר געשלאגן.

דער סך־הכל פון דער שחיטה: 47 טויטע (41 דערהרגעט אויפן ארט, 6 געשטארבן אין די שפיטעלער), אריבער 50 פארוווּנדעטע.

די פוילישע פרעסע־אגענטור האט איבערגעגעבן, אז די זיכערהייטס־ארגאנען האבן ארעסטירט 62 פאגראמשטשיקעס. ווייטערדיקע ארעסטן קומען פאר. צווישן אנדערע איז אויך ארעסטירט געווארן א גרופע פונקציאנארן פון דער פאלקס־מיליץ. די מיליציאנערן אין שפיץ מיטן אפיציר וולאדיסלאוו בלאכוט האבן עס אויפגעפאדערט די יידן צו עפענען די פאר־באריקאדירטע טיר פון בנין אויף פלאנטי 7, זיי האבן אנט־וואפנט די עטלעכע יידן, וואס האבן געהאט קורץ־געווער. דערנאך האבן זיי זיך ארויסגעוויזן פאר פשוטע מערדער. עס איז אויך ארעסטירט געווארן דער פארטרעטער פון וואיע־ווּאדישן קאמענדאנט פון דער פאלקס־מיליץ, מאיאר גוויאז־

צווייטער יאָרגאַנג פרייז 3 זל.

№ 23 48)

ŁODŹ, 12.VII.1946 לאָדזש,

אַדרעס פון רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע

Adres Redakcji i Administracji:

Łódź, ul. Narutowicza 32 m. 10

TELEFONY: 144-52 141-06. sk. poczt. 47

טעלעגראַמען־אַדרעס: „Najlebn"

אַבאָנאַמענט־פרייז

א חודש 20 זל. א קװאַרטאַל 60 זל.

אין אױסלאַנד: א דאָלאַר א חודש.

געלט איבערווייזן:

Bank „Społem" konto 41

P. K. O. konto 241.

DOS NAJE LEBN

(Nowe Życie)

# דאָס נייע לעבן

וואכנשריפט

# די קדושים פון קעלצער פאגראם

אייזענבערג

אַלבירט

ברוך ישראל

גוטווורצעל פאַליא

גורשטויך ביילא

גערטנער ביילע

דוטשקא פלוטראַ (קינד)

האַרענדארף לייזער

ווזדעלער

וויינבערג

ווײנטרויב אברהם, פאָדפאָרוטשניק

וויינריב, קאַפיטאַן

טעלעמבוים נתן

ד"ר כהנא סעווערין, תארזיצער פון יידישן קאמיטעט, פארטיזאנער

מאַראוויעץ משה

מיקאלאווסקי מענדל

סאַמבאַרסקי

סאַקאַלאָווסקי יחיאל

פלוטנא שלום

פראשאווסקאַ אסתר

פרייס יצחק, פאָרוטשניק

פיינקוכען

פיש רעגינאַ

פיש אדאַש

פרידמאַן בערל

קאַס

קאַרפ שמואל, סערזשאַנט

קערש הערשל

קערש ש.

ראַבינדארף

רייזמאַן

שולמאַנאָוויטש ז.

שומאַכער פאַניאַ

B 2969 אָשוויענטשים

7 נעמען – אומבאַקאַנט

ת. נ. צ. ב. ה.

דאוויטש, וואס האט אין א גרויסער מאס געטראגן די אחריות פאר די בלוטיקע געשעענישן.

עס זענען פארגעקומען ארעסטן און א מישפט פארן שטאנדגעריכט. 9 פון די בעסטיאלישע מערדער האבן באקומען טויטשטראף און זענען אויפגעהאַנגען געווארן. שפעטער זענען אינסצעניזירט געווארן פראטעסט־מיטינגען און פארזאמלונגען, וואס האבן געטאדלט דעם פאגראם און די פאגראמשטשיקעס. דאקעגן איז צו אונדז דערגאנגען א נישט אפיציעלע און נישט קאנטראלירטע ידיעה, אז די קראנקן־שוועסטער פונעם שפיטאל אין וועלכן עס זענען אין לאדזש געבראכט געווארן די פארוואונדעטע יידן, האבן זיך אפגעזאגט זיי צו באדינען.

און ווען עס זענען אין גאנצן לאנד פארגעקומען פראטעסט־מיטינגען קעגן די קעלצער מערדער, האט דער קלער אלץ געשוויגן, פונקט ווי דער פאגראם וואלט פארגעקומען אויף דער לבנה. אין דעם ענין האט זיך ארויסגעזאגט דער פרעמיער מיניסטער אסובקא־מאראווסקי, וועלכער האט דירעקט באשולדיקט די גלחים. אויף דער באשולדיקונג האט געענטפערט דער ארגאן פון וואטיקאן "אסערוואטארע ראמאנא" פאלגנדיק: "דער גלח פון קעלץ קאטשמארעק, דער קארדינאל סאפיעהא און דער פוילישער קלער קאנען נישט אפזאגן צו פאראורטיילן די מעשים, וועלכע די קירכע און די עוואנגעליע האבן שטענדיק פאראורטיילט. אבער אויב מיר וועלן דענקען לאגיש, האט מען דעם קעלצער בישוף, דעם קראקעווער ארציבישוף און די פוילישע גלחים געבעטן צו פאראורטיילן עפעס אזוינס, וואס האט נישט קיין שייכות צו זייערע פונקציעס, עפעס וואס האט געקאנט — אונטער דער מאסקע פון אפגעבן גערעכטיקייט די קרבנות פון מארד — ווערן די סיבה פון אומגערעכטיקייט אין באצוג צו אנדערע קרבנות, וועלכע מען וואלט געדארפט מקריב זיין. ווי עס וואלט נישט געווען דער זשעסט פון פאראורטיילונג מצד דעם קלער, וואלט דאס געווען אן אריינמישן זיך אין א לאגע, אין וועלכער די קירך דארף זיך נישט אריינמישן".

די פאריזער "הומאניטע" האט געשריבן: "קיינמאל האט די קאטוילישע קירך אין פוילן נישט פאראורטיילט די אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע אין די אנטי־יידישע אנפאלן. דער קאמענדאנט פון קעלץ האט געבעטן די גלחים צו אינטערווענירן, כדי אויסצומיידן א בלוט־פארגיסונג, אבער זיי האבן גארנישט געוואלט טאן. עס איז צוגעגרייט געווארן א צווייטער פאגראם אין טשענסטאכאוו, אין סאמע צענטער פון פוילישן קלער. טאקע אין טשענסטאכאוו האבן די פוילישע בישקופן עטלעכע טעג פריער פארעפנטלעכט א ווענדונג צו די גלויביקע, וועלכע איז געווען פאר די באנדיטן א דערמוטיקונג. אויך דער "מאנטשעסטער גארדיען" איז ארויס מיט א שארפן פארוואורף קעגן קארדינאל הלאנד, דעם העכסטן גייסטלעכן פון דער קאטוילישער קירך אין פוילן. די צייטונג האט געשריבן: "א סך מענטשן, וועלכע גיבן זיך אפ א דין וחשבון פון דעם גרויסן איינפלוס וואס די קאטוילישע קירך איבט אויס אויף די מאסן, האבן געגלויבט, אז קארדינאל הלאנד וועט ארויסטרעטן מיט א דערקלערונג, וואס וועט באַרואיקן די צעהיצטע געמיטער. מיט דער האפענונג האט זיך די פוילישער ליגע צום קאמף קעגן ראסיזם געווענדעט צו הלאנדן. אויך די אפיציעלע פוילישע קרייזן לייקענען נישט, אז א שנעלע און ענערגישע ארויסטרעטונג פון קארדינאל הלאנד וואלט פארשפאַרט דער רעגירונג אנצונעמען שטרענגע מיטלען און וואלט געראטוועט מענטשלעכע לעבנס פון ביידע זייטן".

וועגן דער באציונג פון קלער צו די יידן־מארדן אין פוילן האט געשריבן דער ארגאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין איטאליע, "אוואנטי", וועלכער האט פארעפנטלעכט די דערקלערונג פון עקזעקוטיוו פון יידישן וועלט־קאנגרעס, וואס פראטעסטירט קעגן דער שטעלונג פון קארדינאל הלאנד צו די קעלצער מערדער און וואס טרעט ארויס קעגן דער שטעלונג פון וואטיקאן. דעם "אוואנטי" האט געענטפערט דער ארגאן פון פויפסט "אסערוואטארע ראמאנא" מיט אן ארטיקל, אין וועלכן עס ווערט געזאגט, אז דער קעלצער פאגראם איז א "ריין פאליטישער ענין". דער "אסערוואטארע ראמאנא" האט דערקלערט, אז עס האבן נישט קיין רעכט צו פראטעסטירן קעגן פאגראמען די, וואס לייגן אונטער באמבעס אונטערן האטעל "קעניג דוד" אין ירושלים. די איטאליענישע דעמאקראטישע פרעסע איז געווען אויסער זיך פון אט דעם פארגלייך.

ווען א יידישע דעלעגאציע האט זיך געווענדן צום דעמלטדיקן בישוף און שפעטערדן קארדינאל ווישינסקי ער זאל זיך סאלידאריזירן מיטן פראטעסט קעגן פאגראם אין קעלץ, האט ווישינסקי געענטפערט, אז דער ביילים־פראצעס האט נאך נישט באוויזן, אז יידן באנוצן נישט קיין בלוט אויף מצות.

דער קאטוילישער קלער, וועלכער האט ביז היינט א גרויסע השפעה אויף דער פוילישער געזעלשאפט, איז געווען קאנסעקווענט אנטיסעמיטיש (מיט קליינע אויסנאמען) ביז, בעת און נאך דער אקופאציע. זיין ווירקונג האט דאס באאיינפלוסט און באווירקט די מערהייט פון פוילישן פאלק צוצושטימען מיט דער פאליטיק פון דער יידן־אויסראטונג בשעת דער אקופאציע.

עס האבן זיך דעם פוילישן אנטיסעמיטיזם אין יענע יארן אנטקעגנגעשטעלט די ארבעטער־פארטייען פפס., קפפ און אנדערע קלענערע גרופן. זיי האבן אבער נישט געהאט קיין גרויסע איינפלוסן אויף דעם פאלק. זיי זענען פשוט פארשריגן געווארן אלס יידישע משורתים, אדער אלס "זשידא־קאמונא".

דער סך־הכל פון באהאנדלען די טעמע פון פוילישן אנטיסעמיטיזם אין יענע יארן איז אזעלכער:

די פאגראמען אויף יידן אין פארמלחמהדיקן פוילן האבן נישט אנגעטראפן אויף קיין ווירקזאמען ווידערשטאנד.

די היטלעריסטישע אויסראטונגס־פאליטיק האט בעת דער אקופאציע באקומען די צושטימונג פון דער איבערוויגנדיקער מערהייט פון פוילישן פאלק.

און נאך דער מלחמה איז ניט געווען ווער עס זאָל אפשטעלן די בלוטיקע מארד־אקטן און פאגראמען אויף די יידן, וואס האבן זיך על־פי־נס אפגעראטעוועט פון דער היטלעריסטישער סכנה.

אזא איז דער ביטערער אמת פון איין קאפיטל אין דער געשיכטע פון די פוילישע יידן.

י. ביאלאָסטאָצקי

# יידישע הילפס־ארבעט אין פוילן

ווארשע, דאָס יידישע ווארשע האָט אין דער צווייטער העלפט פון י. 1943 אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אויף די הונדערטער גאסן און געסלעך פון געוועזענעם געטאָ איז פארבליבן דער שטומער עדות — חורבות.

שנעל און אכזריותדיק, ביי דער שטילער צושטימונג פון פיל מיליאָנען בירגער, האָבן די נאציסטן דורכגעפירט זייער פארניכטונגס־ארבעט. דאָס יידישע פאָלק האָט געליטן א ריזיקן פארלוסט: זעקס מיליאָן מארטירער און העלדן זענען אומגעקומען. דער אייראָפעישער קאָנטינענט איז אבער נישט געבליבן "יידן־ריין". א הייפל האָט זיך דאָך אָפגעראטעוועט און דערלעבט דעם אויסגעגארטן שלום.

אויף די גאסן פון באפרייטע שטעט, קודם כל פון פוילן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באווייזן די ניצול געוואָרענע. קליין אין געווען זייער צאָל און נעבעכדיק זייער אויסזען.

שוין די ערשטע פון זיי האָבן אין לובלין געשאפן זייער אָרגאניזאציע: דעם יידישן קאָמיטעט. זיי האָבן אָנגעהויבן א געזעלשאפטלעכע טעטיקייט לטובת אנדערע לעבן־געבליבענע יידן פון פוילן און נישט נאָר פון פוילן. דער דאָזיקער לובלינער קאָמיטעט וועט שפעטער ווערן א באזע פון וועלכער עס וועט אנטשטיין דער צענטראל־קאָמיטעט פון די פוילישע יידן.

דער צענטראל־קאָמיטעט פון די פוילישע יידן, בראש מיט ד"ר עמיל זאָמערשטיין, דעם באקאנטן פארמלחמהדיקן לאנגיאָריקן סיים־דעפוטאט און איצט (י. 1944) מיטגליד פון דער פוילישער רעגירונג (פ.ק.וו.נ. — פאָלסקי קאָמיטעט וויזוואָלעניא נאראָדאָוועגאָ: יידיש: פוילישער קאָמיטעט פאר נאציאָנאלער באפרייונג) האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין שווערע באדינגונגען און מיט באשיידענע מעגלעכקייטן. די פראָוויזאָרישע פוילישע רעגירונג האָט נאָך דעמלט אליין נישט פיל פארמאָגט און ביים בעסטן ווילן נישט געקאָנט געבן אפילו קיין באשיידענע הילף די געראטעוועטע יידן. קיין הילף פון דער פרייער וועלט איז נאָך נישט געווען און האָט נאָך נישט געקאָנט זיין. די מלחמה האָט נאָך געדויערט. דער וועג צו פוילן האָט געפירט דורך פערסיע און רוסלאנד, דערביי איז דער וועג ביז פערסיע אויך נישט געווען קיין זיכערער.

און גענויטיקט זיך אין הילף האָבן די אלע, וואָס זענען געקומען פון די לאַגערן, די וואָס זענען געקומען פון וואלד, די וואָס זענען ארויס פון די באהעלטענישן און די וואָס זענען אָפגעראטעוועט געוואָרן דורך דער אָרטיקער באפעלקערונג. זיי זענען געווען קראנק, אָפגעריסן, באָרוועס און אָן מיטלען צו לעבן, זיי האָבן נישט געהאט ווו אוועקצולייגן דעם קאָפּ.

די אלגעמיינע לאגע אויף די שוין באפרייטע פוילישע געביטן איז געווען א טראגישע. די אינדוסטריע א פארניכטעטע, די אגראר־ווירטשאפט דעוואסטירט, דער מלוכה־אפאראט א נישט־אָרגאניזירטער, די זיכערקייט פון דער באפעלקערונג און באזונדערס פון די יידן — א באדראָטע אויף טריט און שריט. עס זענען דאָ שוין נישט געווען קיין דייטשן. אָבער יידיש בלוט האָט זיך ווייטער געגאָסן. נישט זעלטן האָבן אויך געליטן די, וואָס האָבן די יידן געראטעוועט. אין לאנד האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע אינערלעכע קאמפן צווישן פארשיידענע פּאָליטישע גרופּירונגען.

די לאגע האָט געצוווּנגען דעם קאָמוניסטישן פוילישן קאָמיטעט פאר נאציאָנאלער באפרייונג צו ווארפן א בליק אויף מערב און באטראכטן פאר א נוצלעכע זאך די באוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער וועלט לטובת די יידן אין פוילן. דער ציל איז געווען א פשוטער: געניסן פון יידישע געלטער כדי צו לינדערן די נויט פון די מאסן.

אן אנדערן קוק אויפן ענין האט געהאט סטאלין און דאס האָט אפגעשלעפט און פאשווערט די הילף פאר דער שארית הפליטה. דער סאָוויעטישער אָנפירונג איז געגאנגען אין די פּאָליטישע פאָלגן פון אזא הילף — דאָס האָט געקאָנט קרעפטיקן די אזוי אויך שטארקע טראדיציאָנעלע סימפאטיעס פון די פּאָליאקן צו די מערב־מלוכות, און דאָס איז רוסלאנד נישט געווען אויף דער האנט. דער ראטנפארבאנד האָט דעמלט געמאכט א זשעסט: אריינגעשיקט קיין פוילן אַ טראנספּאָרט מיט שפּייז. די דאָזיקע הילף איז אָבער געווען ווי א טראָפּן אין ים פון די באדערפעניש. ווייניק האָבן דערפון גענאָסן די יידן. נאָך פינף יאָר מלחמה האָט רוסלאנד אליין זיך גענויטיקט אין הילף.

אין ווארשע, צוזאמען מיט פּראגע זענען גאנץ געבליבן ארום 15 פּראָצ. הייזער. אָט דער דאָזיקער בארג חורבות איז אין יאנואר 1945 י. באפרייט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע קרעפטן. דעם 28־טן פעבּרואר 1945 טראָגט זיך איבער דער צ. ק. פון די פוילישע יידן פון לובלין קיין ווארשע־פּראגע. ערשט דאָ האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע טעטיקייט לטובת די געראטעוועטע.

### די שארית הפליטה

די פון אומקום געראטעוועטע יידן האָבן גלייך נאָך דער באפרייונג געפּרוּווט זיך באזעצן אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט פאר דער מלחמה. אין זייערע געוועזענע וווינערטער, ווו זיי זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן, האָט מען זיי נישט אויפגענומען מיט בלומען. פיל פון די געראטעוועטע האָבן פאר זייער נאַיווקייט אין אָפּשאצן די לאגע — באצאָלט מיטן לעבן. די היטלעריסטישע מערדער זענען שוין נישט געווען, אָבער עס זענען פארבליבן זייערע פוילישע נאָכפאָלגער, סיי אָרגאניזירטע ווי נ. ס. ז. (נאראָדאָווע שילי

זבראָינע — נאַציאָנאַלע באוואָפנטע כוחות), ס׳יי נישט אָר־גאַניזירטע — סתם באַנדיטן און מערדער. א ייד, וועלכער איז געקומען אין שטעטל, האָט געשטערט זייער זיכער־קייט: אין קאָן איז געשטאַנען דאָס צוגערויבטע פאַרמעגן. אנשטאָט עס אָפּגעבן דעם אייגנטימער, איז בעסער געווען פון אים פּטור צו ווערן. עס האָט נישט געהאָלפן, אז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן האָט כסדר אינטערווענירט ביי די מאכט־אָרגאַנען; דער מערדער האָט געלויערט, עס זענען געפאַלן קרבנות.

קליינע שטעטלעך זענען שנעל געוואָרן ״יודען־ריין״. די געראַטעוועטע יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אין גרעסערע שטעט, ווו די זיכערקייט איז געווען א גרעסערע.

די אַלגעמיינע צאָל יידן וועלכע האָבן זיך ב׳יז צום 1־טן מאַי 1945 פאַרשריבן אין צ. ק. פון די יידן אין פּוילן און אין די אָרטיקע קאָמיטעטן, האָט באַטראָפן 42.662.

אין די גרויסע צענטערס איז די צאָל יידן שנעל געוואַקסן. שוין דעם 1־טן יולי 1945 זענען אין לאָדזש געווען 20.438 יידן, צווישן זיי 10.226 צוריקגעקומענע פון די לאַגערן; די איבעריקע זענען געווען פון רוסלאַנד (דעמאָביליזירטע זעלנער, אינוואַלידן, פּאַרטיזאַנער) אָדער מענטשן וועלכע האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אַלס מכלומרשטע אַריער.

א נייע דערשיינונג אין יידישן לעבן אין פּוילן איז געווען נידערשלעזיע. די היטלעריסטן האָבן דאָ איינגעאָרדנט לאַגערן פאַר שקלאַפן־אַרבעט. א טייל צווישן די דאָזיקע שקלאַפן זענען אויך געווען יידן פון אַנדערע לענדער.

א טייל פון די פּוילישע יידן, וועלכע האָבן נאָך דער באַפרייונג נישט געהאַט וווהין זיך אומצוקערן, זענען געבליבן אויפן אָרט און דאָ גענומען איינאָרדענען די נייע היים. זייער צאָל האָט צו דער דאָזיקער צייט באַטראָפן אַרום 8.000.

פאָלגנדיקע ציפערן אילוסטרירן דעם שנעלן וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די פּוילישע שטעט:

| שטאָט | צאָל יידן אויפן 31.12.1945 | צאָל יידן אויפן 30.06.1946 |
|---|---|---|
| ביאַליסטאָק | 820 | 1.567 |
| בידגאָשטש | 465 | 658 |
| טשענסטאָכאָוו | 1.417 | 2.167 |
| גדאַנסק | 1.286 | 2.138 |
| קאַטאָוויץ | 19.116 | 25.587 |
| קראָקע | 13.141 | 18.297 |
| לובלין | 4.553 | 6.662 |
| לאָדזש | 38.171 | 56.738 |
| פּויזן | 224 | 343 |
| פּשעמישל | 526 | 768 |
| שטשעטשין | 100 | 30.951 |
| וואַרשע | 18.047 | 23.410 |
| וולאָצלאַוועק | 580 | 966 |
| ווראצלאַוו | 7.993 | 69.993 |
| | 106.439 | 240.245 |

דער שנעלער וווקס פון דער צאָל יידן איז געקומען אין רעזולטאַט פון דער רעפּאַטריאַציע פון פּוילישע בירגער פ׳ן דעם ראַטנפאַרבאַנד, אין די ראַמען פון וועלכער עס האָבן זיך אומגעקערט קיין פּוילן קרוב 140.000 יידן. די רעפּאַ־טריאַציע האָט געדויערט פון פעברואַר ביז יולי 1946 י. דער גרעסטער שטראָם פון רעפּאַטריאַנטן פאַלט אויס אויף די חדשים מאַי און יוני, עס פלעגן דעמלט אָנקומען דריי ביז פיר טויזנט מענטשן טעגלעך.

באַזונדער שווער האָט די מלחמה געטראָפן די קינדער. די צאָל געראַטעוועטע איז געווען א מינימאַלע און זייער צושטאַנד א נעבעכדיקער.

ווען גאַנץ פּוילן איז באַפרייט געוואָרן, דער׳ין אויך אויבער־ און נידערשלעזיע, האָט מען (סוף פון 1945 י.) געשאַצט די צאָל פון אָפּגעראַטעוועטע קינדער אויף 5.000. די דאָזיקע צאָל איז אָבער נישט גענוי, ווייל עס זענען געווען פאַלן ווען א קינד איז געווען פאַרשריבן מער ווי איין מאָל. עס איז אויך כדאַי צו געדענקען, אַז ביים סוף פון יאָר 1945 איז שוין געווען א געוויסע צאָל רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד, דער׳ין אויך משפחות מיט קינדער.

די אָפּטיילונג פון צ. ק. ״הילף פאַר קינדער״ מיט וועל־כער עס האָט אָנגעפירט די פרוי ד״ר סימכאָוויטש, האָט פעסטגעשטעלט אַז די צאָל קייַלעכדיקע אָדער האַלבע יתו־מים האָט באַטראָפן 1.130.

האָט מען קודם געמוזט שאַפן א דאַך איבערן קאָפּ פאַר די יתומים און זייער אָפּט אויך פאַר די האַלבע יתומים. מ׳האָט געמוזט ראַטעווען דאָס געזונט פון די קינדער. טו־בערקולאָז און אוויטאַמינאָזע זענען געווען אַן אָפּטע דער־שיינונג. אין קראָקע, ווו עס איז די ערשטע צייט געקומען די גרעסטע צאָל קינדער, האָבן די ניצול געוואָרענע פון די טויט־לאַגערן יידישע דאָקטוירים אָרגאַניזירט סאַניטאַר־פּונקטן, אין וועלכע מען האָט דערטיילט הילף טאָג און נאַכט.

ביי די לאָדזשער יידישע קינדער האָט געהערשט טובער־קולאָז; בלויז געציילטע זענען נעווען פאַרהעלטנישמעסיק געזונט. אויך דאָ איז אָרגאַניזירט געוואָרן א געזונטהייטס־אַמט אונטער דער לייטונג פון ד״ר קרינסקי.

דער מצב פון דער דערוואַקסענער יידישער באַפעלקערונג איז נישט געווען א סך בעסער. אָט ווי עס שילדערט די לאַגע פון די יידישע רעפּאַטריאַנטן דער באַריכט פון צ. ק. פון די יידן אין פּוילן — א באַריכט פאַרן ערשטן האַלבן יאָר 1946: ״דאָס רוב יידן איז געקומען אין לאַנד מאַטעריעל מער אויסגעשעפּט ווי אַנדערע רעפּאַטריאַנטן. די לאַגע פון די יידישע רעפּאַטריאַנטן איז געווען ערגער נאָך דערמיט, וואָס בדרך כלל זענען זיי נישט צוריקגעקומען אין זייערע היימען, זיי האָבן אין פּוילן נישט געהאַט קיין קרובים און באַקאַנטע, ביי וועלכע זיי וואָלטן געקאָנט האָבן אַן אָנשפּאַר אין דער ערשטער צייט נאָך זייער צוריקקומען״.

דער געזונט־צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אין אַלגעמיין געווען א שלעכטער. די לאַגע איז נאָך פאַרערגערט געוואָרן דורך דעם, וואָס די רעפּאַטריאַציע האָט פאַקטיש געדויערט א דריי, פיר חדשים און אין דער דאָזיקער קורצער צייט האָט מען געדאַרפט איינאָר־דענען א 140 טויזנט מענטשן. פון דעם אַלעם דרינגט אַרויס די קאָלאָסאַלע אויפגאַבע פון דער אָרגאַניזירטער יידישער באַפעלקערונג אין הינזיכט פון אַלזייטיקער הילף און סאָציאַלער שוץ.

די טעטיקייט אויפן דאָזיקן געביט טיילט זיך אויף פיר תקופות:

**1949—1944**

דאָס איז דער צייט־אָפשניט, אין וועלכן די הילפס־ארבעט לטובת דער שארית הפליטה האָט זיך שנעל אנטוויקלט און האָט ארומגענומען זייער ברייטע קרייזן. זי האָט אָבער לאנג נישט געדויערט, זי איז איבערגעריסן געוואָרן דורך די מאכט־אָרגאנען אין דריטן קווארטל 1949. עס איז דעמלט פארווערט געוואָרן די ווייטערדיקע טעטיקייט פון די יידישע וועלט־אָרגאניזאציעס: "דזשאָינט", "אָרט" און "טאָז".

**1957—1950**

אין דער דאָזיקער צייט האָט עס געהייסן, אז די מלוכה האָט איבערגענומען די זאָרג איבער אלע באדערפענישן פון דער יידישער באפעלקערונג. אָבער די הילפס־ארבעט פון די יידישע קאָמיטעטן איז נישט איבערגעריסן געוואָרן, כאָטש מען האָט זי געפירט אין זייער א באשרענקטער מאָס, מיט שטארק באגרענעצטע מיטלען, וועלכע מען האָט געמוזט אליין שאפן.

**1967—1957**

די באנייונג פון דער ארבעט פון די יידישע וועלט־ארגאניזאציעס אין פוילן: "דזשאָינט", "טאָז" און "ארט". די ערשטע צוויי אונטער דעם נאָמען "צענטראלע יידישע הילפס־קאָמיסיע אין ווארשע". בלויז דער "ארט" איז פארבליבן ביי זיין טראדיציאָנעלן נאָמען, אָן א שלייער... אין די דאָזיקע יאָרן האָט זיך ווייטער אנטוויקלט א באדייטנדיקע הילפס־טעטיקייט אויף פארשיידענע געביטן.

**נאָך דעם** 1967 י. איז ווידער פארווערט געוואָרן די הילפס־ארבעט און די יידן און ספעציעל די יידישע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס זענען באצייכנט געוואָרן אלס 5־טע קאָלאָנע. און נאָך א מאָל, כאָטש אין א זייער באשיידענער פאָרם איז אָרגאניזירט געוואָרן די הילפס־ארבעט פאר די אלטע, אומפארמעגלכע און נויט־ליידנדיקע יידן.

**דאָס אָרגאניזירן די סאָציאַלע הילף**

דער יידישער קאָמיטעט אין לובלין האָט אין 1944 יאָר אָנגעהויבן זיין ארבעט מיט אָרגאניזירן א היים פאר די אכט קינדער, וואָס זענען אָפגעראטעוועט געוואָרן אין לאגער מיידאנעק. דאָס איז געווען די ערשטע יידישע קינדערהיים אין פוילן נאָך דער מלחמה, זי האָט זיך געפינען אין בנין פון רויטן קרייץ ביי דער ווישניסקי־גאס נומ. 3.

אין 1944 האָבן אָבער געפעלט די עלעמענטארסטע מיטלען — די גאנצע טעטיקייט האָט זיך געשטיצט אויף די קליינע סובווענצן פון דער מלוכה. דער "דזשאָינט" האָט ערשט באנייט זיין ארבעט.

די יידן אויף דער גאנצער וועלט האָבן געוואָלט וואָס שנעלער שטעלן אויף די פיס זייערע געראטעוועטע ברידער. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין לובלין האָט באקומען הונדערטער טעלגראמען פון יידישע אָרגאַניזאַציעס און פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געאיילט מיט הילף, געזוכט א וועג די הילף זאָל קענען דערגרייכן.

אָט זענען עטלעכע כאראקטעריסטישע טעלעגראמען, אָנגעקומענע אין י. 1944 קיין לובלין דורך מאָסקווע.

יצחק גרינבוים: "מיר האָבן ארויסגעשיקט צום מארשאל סטאלין קיין מאָסקווע פאָלגנדיקע טעלעגראמע: צוזאמען מיט אלע פאראייניקטע פעלקער פרייען מיר זיך הארציק מיט די גלאָררייכע זיגן פון דער רויטער ארמיי אין דער בייער אָפענסיווע. דערהאלטן שוידערלעכע באריכטן וועגן די אָפטרעטנדיקע דייטשן וואָס פירן כסדר דורך מאסן־מאָרדן איבער יידן אין די קאלכאויוונס און קרעמאטאָריעס פון די טויטלאגערס אָשוויענטשים און בירקענאו. כדי אָפצושטעלן די ארגאניזירטע מאסן־מאָרדן וואלטן מיר, מיטן גאנצן דרך ארץ, פאָרגעלייגט, אז די לאגערס זאָלן ווירקזאם באָמבארדירט ווערן דורך דעם רויטן לופטפלאָט. דאָס וואָלט אויך דערמעגלעכט פיל יידן, וואָס זענען אין געפאר פון א זיכערן טויט אין די דאָזיקע לאגערס, צו אנטלויפן און פאראייניקן זיך מיט די אנטינאצישע כוחות. אין נאָמען פון די מיליאָנען יידן, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאציס, בעטן מיר אייך צו טאָן דאָס מעגלעכסטע נישט צו דערלאָזן צו דער מאסן־אויסראָטונג פון די פארבליבענע יידן, וואָס געפינען זין נאָך אין די הענט פון שונא".

יצחק גרינבוימס צווייטע דעפעשע: "מיר האָפן בקרוב ארויסצושיקן טראנספאָרטן פאר די יידן פון די באפרייטע געביטן פון פוילן, הגם איר האָט ביז איצט נישט באשטעטיקט צי איר האָט דערהאלטן אונדזער ערשטן טראנספאָרט דורך טעהעראן. מיר בעטן אונדז מודיע צו זיין צי עס וואָלט מעגלעך געווען צו שיקן סחורה דורך די פאָרטן פון שווארצן ים. מיר זענען שטארק באאומרואיקט איבערן גורל פון די יידן, וואָס געפינען זיך אין לאָדזשער געטאָ און אין די ארבעטס־לאגערן אין אויבערשלעזיע. מיר האָפן, אז איר טוט אלץ, כדי נישט צו דערלאָזן צו קיין שחיטה. מיט אומגעדולד ווארטן מיר אויף אייער ענטפער אויף דער דאָזיקער און אויף דער פריערדיקער טעלעגראמע".

יעזשי פאנסקי אין נאָמען פון דער שוועדישער סעקציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און יוסף ביכאָווסקי, דער פארשטייער פון דער פעדעראציע פון פוילישע יידן אין שוועדן האָבן צו וויסן געטאָן וועגן ארויסגעשיקטע טראנספאָרטן מלבושים און מעדיקאמענטן.

טעלעגראפירט האָבן אויך: ד"ר יוסף טענענבוים אין נאָמען פון דער פעדעראציע פון פוילישע יידן אין אמעריקע; סאמועל וואהל — אין נאָמען פון די ווארשעווער יידן אין ניו־יאָרק; ל. טארנאָפּאָליער — אין נאָמען פון די פוילישע יידן אין ארגענטינע; ד"ר סאמועל עדעלמאן — אין נאָמען פון די פוילישע יידן אין פאריז; ד"ר נחום גאָלדמאן און פיל אנדערע.

עס איז נאָך אָנגעגאנגען אן אכזריותדיקער קאמף אויף די פראָנטן, און דורך ימען און אקעאנען, דורך טעהעראן און רוסלאנד זענען אָנגעקומען די ערשטע טראנספאָרטן קיין לובלין. עס פלעגט טרעפן, אז א טייל טראנספאָרטן זענען פארלוירן געוואָרן אין רוסלאנד. די מאכט־אָרגאנען פלעגן זיי פארהאלטן פאר דעם "פארבאנד פון פוילישע פאטריאָטן".

אט איז א קורצע רשימה פון טראנספארטן געשיקטע דורך יידישע ארגאניזאציעס אין אויסלאנד, לויט דער ריי פון זייער אנקומען קיין פוילן: פון שוועדן — 39 קאסטנס מעדיקאמענטן.

פון ארץ ישראל 9 קאסטנס מעדיקאמענטן.
פון אמעריקע דורך טעהעראן: 55 קאסטנס.
פון שווייץ, "אזע": 170 קאסטנס.

טראנספארטן צוגעשיקטע דורך דעם רויטן קרייץ:

פון שווייץ און אמעריקע: 72
פון פאריז, "אזע": 81
פון יידישן וועלט־קאנגרעס: 4
פון אינטערנאצ. רויטן קרייץ: 59
פון "דזשאינט": 40

אפגענומען פון ד"ר ווייכערט אין קראקע: 52.
צוזאמען 581 קאסטנס מעדיקאמענטן.

די דאזיקע הילף האט געהאט א קאלאסאלע באדייטונג פאר דער שארית הפליטה. ערשט איצט האט דאס רוב אפגעראטעוועטע פון די לאגערן געקאנט אראפווארן פון זיך די לאגער־קליידער (פאשאקעס) און די אלטע שמאטעס, וועלכע זיי האבן געטראגן אויף זיך אין די באהעלטענישן, אין וואלד, צי אין דער רוסישער ארמיי. די מעדיקאמענטן האבן געהאלפן שטעלן אויף די פיס די קראנקע און שוואכע.

די צאל פון נויט־באדערפטיקע האט אין יאר 1944 באטראפן מער ווי צוואנציק טויזנט פערזאן. מיטן ארויסטרייבן די דייטשן פון די ווייטערדיקע טיילן פון לאנד, זענען צוגעקומען ניצולים און די באדערפענישן זענען שנעל געוואקסן. עס האט זיך געפאדערט א ברייטע גוט ארגאניזירטע הילפס־ארבעט אין עטלעכע ריכטונגען, מיטן ציל אריינצופירן די מענטשן אין א נארמאל לעבן, צוריקגעווינען זיי פאר דער געזעלשאפט.

דאס לייזן די דאזיקע פראגע האבן גענומען אויף זיך איניקע ארגאניזאציעס, וועלכע האבן רעאקטיווירט זייער טעטיקייט.

דער צענטראל־קאמיטעט פון די יידן אין פוילן האט זיך איבערגעטראגן קיין ווארשע און רעארגאניזירט. צו די מיטגלידער פון דער פארוואלטונג (ד"ר עמיל זאמערשטיין, ד"ר ש. חערשהארן, ס. ביטער, מ. זאנשיין, מ. קאסאווער ציביה לובעטקין, ד"ר אדאלף בערמאן, ש. גראיעק, יוסף סק, און פ. זעליצקי) זענען צוגעקומען: יצחק צוקערמאן, שקליאר און סאלא פישגרונד.

צווישן די עלף דעפארטאמענטן פון צ. ק. זענען געווען עטלעכע, וואס האבן געהאט פאר אן אויפגאבע ארגאניזירן און פארטיילן סאציאלע הילף. דאס זענען געווען:

דעפארטאמענט פאר סאציאלער הילף,
הילף פאר קינדער
הילף פאר יוגנטלעכע,
געזונטהייטס־וועזן,
פראדוקטיוויזאציע,
רעפאטריאציע.

א זייער וויכטיקע באדייטונג פאר דער גאנצער הילפס־ארבעט האט געהאט דאס ארגאניזירן אויף דאס נײַ די טעטיקייט פון "דזשאינט". אין פוילן, צווישן די אפגעראטעוועטע האט זיך געפונען דער דירעקטאר פון "דזשאינט" אין דער פארמלחמהדיקער ווארשע — דוד גוזשיק. ער האט גענומען ארגאניזירן די ארבעט, עס איז אים אבער נישט באשערט געווען צו אנטוויקלען די טעטיקייט אזוי ווי ער האט עס געוואלט און פלאנירט. בעת זיין נסיעה כדי אנצובינדן די נויטיקע קאנטאקטן אין אויסלאנד, איז איבער דער טשעכאסלאוואקישער טעריטאריע געשען אן אייראפלאן־קאטאסטראפע און דוד גוזשיק, וועלכער האט זיך געפונען צווישן די פאסאזשירן, איז אומגעקומען. צוזאמען מיט אים האבן ארגאניזירט די "דזשאינט"־טעטיקייט ד"ר א. בערמאן, גיטלער־בארסקי, אדוו. מ. ווארם און פרוי אסטראווסקא, א מיטארבעטערין פון "דזשאינט" אין די יארן פאר דער מלחמה.

עס איז צוגעטראטן צו דער ארבעט דער "טאז".

עס האט זיך רעאקטיוויזירט דער "ארט", וועלכער האט געהאט א גרויס פעלד פאר זיין ארבעט. עס איז געגאנגען צוו. אנד. אין אויספילן דעם בלויז, וואס די יארן פון מלחמה האבן איבערגעלאזט אין דער אנטוויקלונג פון דער יוגנט. איצט, נאך דעם קריג זענען שוין די דאזיקע יונגע מענטשן געווען פארשפעטיקטע צו נארמאלע שולן, זיי האבן נישט געהאט קיין פאך־בילדונג און נישט קיין פאך־צוגרייטונג. און דאס איז געווען די אויפגאבע פון "ארט": אויסשולן זיי, און בכלל די ארבעטספעיקע מענטשן, וועלכע האבן נישט פארמאגט קיין בארוף, זיי זאלן קאנען געפינען זייער ארט אין די אקטועלע ווירטשאפטלעכע באדינגונגען, וואס זענען אנטשטאנען אין פוילן.

אלע די דאזיקע יידישע ארגאניזאציעס זענען נישט געווען אפגעריסן איינע פון דער צווייטער, זיי האבן מיט זיך מיטגעארבעט, איינע האט דערגענצט די טעטיקייט פון דער צווייטער.

איינער פון די סאמע שווערסטע פראבלעמען אין יענער צייט (1944—1945) איז געווען פארזיכערן א דאך איבערן קאפ די היימלאזע יידן, וועלכע האבן זיך גענומען גרופירן קודם־כל אין די גרעסערע שטעט. די צווייטע נישט לייכטערע אויפגאבע: צו פארזארגן זיי מיט ארבעט און מיט א זיכער שטיקל ברויט. די דאזיקע פראבלעמען זענען געווען דרינגנדיק שוין אין יאר 1944, זיי האבן זיך נאך מער פארשארפט אין 1945 און דערגרייכט זייער הויך אין דער ערשטער העלפט פון 1946, ווען מיט דער רעפאטריאציע פונעם ראטנפאבאנד זענען צוריקגעקומען אומגעפער 150 טויזנט יידן, וועלכע האבן נישט געהאט קיין אדרעס.

ווי עס האט אויסגעזען אין דער ערשטער העלפט 1945 די פראגע פון וווינונגען פאר יידן, קאן מען אורטיילן פון פאקט, וועלכן עס גיט איבער יאנאס טורקאוו אין זיין בוך "נאך דער באפרייאונג". די געקומענע יידן האבן גענאסן פון א "ספעציעלער" באהאנדלונג מצד דעם ווארשעווער וווינונגס־אמט, וועלכער האט פאר זיי נישט געגעבן קיין צוטיילונגען אפילו אויף א ווינקל, ווייל א דירה איז שוין אפגערעדט. יידן האבן געגעכטיקט אויף די גאסן און געווען איז א

קאַלטער ווינטער. אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן זיך יידן איינגעקוואַטירט אין א הויז א חורבה, אָן טירן און פענצטער, אָן וואַסער און ליכט, אויף דער טאַרגאָווע גאַס. די דאָזיקע געבײַדע איז נאָך געשטאַנען נאָר א דאַנק דעם, וואָס דער פּראָסט האָט צוזאַמענגעשמידט אירע ווענט. דאָס הויז האָבן די יידן אָנגערופן ״האָטעל״. דער פרילינג אין יאָר 1945 איז געקומען פרי און מיט אים די טראַגעדיע:

״א מויער (א וואַנט) פון דער געבײַדע איז איינגעפאַלן און אונטער די חורבות זענען פאַרבליבן העכער צען דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע מענער און פרויען — מענטשן, וואָס האָבן אין שווערסטע באַדינגונגען איבערגעלעבט די מלחמה און צוריקגעקומען אהיים. צוליב דיסקרימינאַציע פון די פּוילישע מאַגיסטראַט-אָנגעשטעלטע, האָבן זיי דאָ געפינען דעם טויט. נאָך דער דאָזיקער קאַטאַסטראָפע זענען די לעבן געבליבענע זיך צעלאָפן און געזוכט אן אָרט צו נעכטיקן אין די קעלערס און אין פאַרברענטע קראָמען אָדער אויף די שטיגן פון פרעמדע הייזער״.

אָט די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע און די אומשולדיקע קרבנות האָבן גערירט דאָס געוויסן פון שטאָט-באַלעבאַטים און פאַרשנעלערט דאָס איינאָרדענען די היימלאָזע. איצט האָט שוין די רעגירונג געפונען פאָנדן און מיטלען פאַר דעם צוועק.

אין לאַנד ווערן אָרגאַניזירט די ערשטע פליטים-היימען און פאָלקס-קיכן, שפּעטער אויך עס-האַלעס. טויזנטער יידן באַקומען א ריין געלעגער און א הייס מאַלצייט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די געלט- און מלבושים-שטיצע. עס הויבט אָן צו ווירקן די קאָנסטרוקטיווע הילף פון פּראָדוקטיוויזאַציע-אָפּטיילונג ביים צ. ק. פון די יידן אין פּוילן. ביסלעכווייז זענען געוואַקסן די פאָנדן אויף הילפס-צוועקן: פון אָנהויב באַשיידענע, פון די רעגירונגס-מקורות, נאָך דעם אַלץ גרעסערע פון די יידן אין דער וועלט דורך דעם ״דזשאָינט״-קאָמיטעט, וועלכער האָט געפונען זיין זיצאָרט אין וואַרשע אויף כאַטשימסקי-גאַס נומ. 18.

**פליטים-היימען**

אָנהייב 1945 י. איז אָרגאַניזירט געוואָרן די נעץ פון פליטים-הייזער, וועלכע האָבן באַלד דערגרייכט די ציפער פון 5.270 בעטן. אין משך פון דער צייט איז די צאָל ערטער אין די דאָזיקע היימען געוואַקסן. עס איז נישט פאַראַן קיין גענויע ציפערן וועגן דער צאָל מענטשן, וואָס האָבן גענאָסן פון די נאַכטלעגערס אין י. 1945. אין חודש יוני 1946 האָבן פון די נאַכטלעגער-הייזער גענאָסן 12.488 מענטשן.

די פליטים-הייזער האָבן געדינט די געקומענע יידן בלויז אויף א קורצער צייט, ביז זיי האָבן באַקומען א וווינונג.

די פליטים-הייזער האָבן שנעל אָפּגעשפּילט זייער ראָל און ווען זיי זענען שוין נישט געווען נויטיק, זענען זיי געוואָרן ליקווידירט.

**פאָלקס-קיכן און עס-האַלעס**

די נעץ פון פאָלקס-קיכן האָט זיך אָרגאַניזירט אין יאָר 1945 און האָט אַרומגענומען אַלע שטעט, אין וועלכע עס האָט זיך פאַרהאַלטן א גרעסערע צאָל יידן. וועגן זייער באַדייטונג איז איבעריק צו רעדן. די קיכן פלעגן יעדן חודש ארויסגעבן אומגעפער 75.000 מאַלצייטן. פיל קיכן פלעגן ארויסגעבן דריי מאַלצייטן טעגלעך.

עס פלעגן פון זיי געניסן אין דער ערשטער ריי די פליטים, אויך די באַאַמטע פון די יידישע אינסטיטוציעס און סתם מענטשן וואָס האָבן נישט געוווינט אין די פליטים-הייזער, טיילמאָל אויסלענדישע יידן וועלכע זענען געווען אין די לאַגערן און איצט האָבן זיי זיך געפונען אין וועג צו זיך אהיים, קיין אונגאַרן אָדער סלאָוואַקיע.

שפּעטער האָבן די קיכן ארויסגעגעבן בלויז צו איין מאַלצייט טעגלעך — מיטאָג.

1946

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין יאנואר זענען | ארויסגעגעבן געווארן | 99.455 | מאלצייטן |
| ״ פעברואר | ״ | 90.412 | ״ |
| ״ מערץ | ״ | 319.258 | ״ |
| ״ אפריל | ״ | 450.054 | ״ |
| ״ מאי | ״ | 569.517 | ״ |
| ״ יוני | ״ | 366.986 | ״ |
| | צוזאמען | 1.895,682 | ״ |

אייניקע כאראקטעריסטישע ציפערן פון באזונדערע צענטערס
(שטעט).

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ביאליסטאק | יאנואר 1946 | 6.300 מאלצ. | יולי | 17.400 | צוזאמ. 6 מאנאטן | 87.000 מאלצ. |
| קאטאוויץ | ״ | 26.861 | יוני | 80.699 | ״ | 284.663 |
| קראקע | ״ | 25.543 | ״ | 45.367 | ״ | 169.215 |
| לאדזש | ״ | 18.295 | ״ | 33.552 | ״ | 196.971 |
| ווארשע | ״ | 156 | ״ | 18.757 | ״ | 40.399 |
| ווראצלאוו | מערץ ״ | 184.000 | ״ | 77.778 | ״ | 865.778 |

אויך די פאָלקס-קיכן האָבן זיך שנעל איבערגעלעבט און פאַרלוירן זייער באַדייטונג, די יידן, וואָס האָבן זיך איינגעאָרדנט, האָבן גענומען ווירטשאַפטן ביי זיך אין דער היים. און אחוץ דעם: נאָכן דערגרייכן איר גרעסטע צאָל אין דער העלפט פון י. 1946, האָט די יידישע באַפעלקערונג אָנגעהויבן כסדר זיך צו פאַרקלענערן — אין צוזאַמענהאַנג מיט דער עמיגראַציע. ביסלעכווייז זענען די פאָלקס-קיכן ליקווידירט געוואָרן.

א פיל מער סטאַבילן כאַראַקטער האָט געטראָגן די הילף אין געלט, שפּייז און קליידונג. אין יאָר 1945 האָבן ארום

35.000 ייִדן באַקומען שפייז-פעקלעך, קליידער און שיך, וואָס זענען אָנגעקומען פון אויסלאַנד. די וואָס האָבן זיך גענויטיקט, האָבן אויך באַקומען מעדיקאַמענטן.

אין ערשטן האַלבן יאָר 1946 האָבן די פאָנדן אויף סאָציאַלער שוץ באַטראָפן:

זענען נישט געווען קיין מעגלעכקייטן צו באַפרידיקן אַלע באַדערפענישן פון די פעטענטן.

אין יאָר 1947 און אין די שפעטערדיקע יאָרן (ביז 1950) זענען די קריטעריעס כסדר פאַרשאַרפט געוואָרן. עס האָט זיך געביטן די לאַגע. אויב אין די ערשטע צייטן נאָך דער

| | | |
|---|---|---|
| סאָציאַלע שוץ אין אַלגעמיין (אין קינדער און יוגנט): | | 23.974.122 זל |
| אין דעם: געלט אויף שטיצע | 13.439.963 זל | |
| פאַלקס-קיכן | 9.237.533 | |
| נאַכטלעגער-הייזער | 1.296.625 | |
| קינדער שוץ אין אַלגעמיין | | 24.233.910 זל |
| אין דעם: קינדערהיימען | 18.065.469 | |
| אָפענע און האַלב אָפענע הילף | 6.168.441 | |
| יוגנט פאַרזאָרגונג אין אַלגעמיין | | 2.889.123 |
| אין דעם: סטיפענדיעס | 1.813.408 | |
| שול-וועזן | 1.516.193 | |
| צוזאַמען אויף דער סאָציאַלער שוץ פאַרן יאָר 1946 אַ סומע פון | 51.097.155 זל | |

אין דער שפעטערדיקער צייט זענען די געלטער אויף דער סאָציאַלער הילף געוואָרן קלענער אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס די ייִדן האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף אַרבעט און האָבן באַקומען וווינונגען. אויך די פאָנדן אויף אויסצוהאַלטן די קינדער-אַנשטאַלטן זענען פון יאָר צו יאָר פאַרקלענערט געוואָרן — אַ טייל פון די קאָסטן איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף די אַרבעטנדיקע עלטערן. בלויז די קינדערהיימען זענען אינגאַנצן אויסגעהאַלטן געווען דורך דער סאָציאַלער שוץ.

### הילף אין שפייז און מלבושים

פון דער דאָזיקער הילף האָבן זייער אָפט גענאָסן אויך מענטשן, וועלכע זענען אין גרונט גענומען, געווען איינגעאָרדנט ד. ה. געהאַט אַ וווינונג און אַרבעט. דאָס דאָזיקע געביט פון הילף איז דורכגעגאַנגען אַן ענדערונג, וועלכע קאָן באַצייכנט ווערן פאָלגנדיק: אין יאָר 1944 זענען די מעגלעכקייטן געווען זייער קליינע און גענויטיקט זיך אין הילף האָבן כמעט אַלע אָפגעראַטעוועטע. אין יאָר 1945 זענען געוואַקסן די מעגלעכקייטן צו באַפרידיקן די באַדערפענישן, עס איז אָבער אויך געוואַקסן די צאָל באַדערפטיקע און עס איז שוין אויך געווען אַ געוויסע גרופע, וואָס האָט זיך אין דער דאָזיקער הילף נישט גענויטיקט: מענטשן, וועלכע אַרבעטנדיק אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס, האָבן דאָרט באַקומען צוטיילונגען און האָבן נישט געדאַרפט אָנקומען צו דער סאָציאַלער הילף.

אין 1946 י. האָבן פון דער סאָציאַלער הילף גענאָסן אין דער ערשטער ריי די רעפאַטריאַנטן. לגבי אַלע אַנדערע האָט מען אָנגעהויבן איינפירן באַשרענקונגען. בדרך-כלל האָט אָבער דעצידירט דער מצב, די לאַגע פון די מענטשן וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. מען האָט גענומען אין באַטראַכט דעם געזונט-צושטאַנד, די וווינונגס-באַדינגונגען אאַ"וו. די באַגרענעצונגען האָט מען געמוזט איינפירן, ווייל עס

מלחמה האָבן מענטשן ביי זייער בעסטן ווילן נישט געקאָנט זיך איינאָרדענען — זענען שוין אין יאָרן 1947 און 1948 געשאַפן געוואָרן די מעגלעכקייטן צו באַקומען אַרבעט און פירן אַ נאָרמאַל לעבן. די וואָס האָבן עס נישט געטאָן, האָבן הייסט עס, אַרויסגעוויזן אַ שלעכטן ווילן און האָבן אויף הילף פון דער סאָציאַלער שוץ נישט געקאָנט רעכענען. האָבן די שפייז- און מלבושים-פעקלעך (נאָכן יאָר 1946) באַקומען כמעט בלויז אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן פון זייער לוין נאָך נישט געקאָנט אויסלעבן.

אין יאָר 1945 האָבן פון דער שפייז-הילף גענאָסן עטלעכע צענדליקער טויזנט ייִדן.

אין 1946, בלויז אין ערשטן האַלבן יאָר האָבן פון דער דאָזיקער הילף גענאָסן 123.849 מענטשן, אין דעם 91.349 רעפאַטריאַנטן.

ענלעך האָט זיך פאָרגעשטעלט די הילף אין פאָרם פון מלבושים-צוטיילונגען. דאָ דאַרף אָבער גענומען ווערן אין אַכט, אַז מיט מלבושים האָט מען קודם-כל געדאַרפט באַזאָרגן די פאַרמאַכטע אַנשטאַלטן פאַר קינדער און אַלטע מענטשן. די דאָזיקע הילף איז געוואַקסן צוזאַמען מיטן וווקס פון דער צאָל טראַנספּאָרטן, וועלכע זענען אָנגעקומען פון אויסלאַנד. עס איז אָנצונעמען, אַז אין יאָר 1945 זענען באַקליידט געוואָרן אַלע, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט.

אין ערשטן האַלבן יאָר 1946 האָבן פון קליידער-צוטיילונגען גענאָסן 78.056 מענטשן.

### געלט-שטיצע

סוף 1945 ד. ה. פאַר דער רעפאַטריאַציע פון רוסלאַנד, האָבן פון דער געלט-הילף גענאָסן אַרום 10 טויזנט ייִדן. אין סוף יוני 1946 האָבן פון דער זעלבער הילף גענאָסן 35.072 נויט-באַדערפטיקע. נאָך דעם אַבסאָרבירן די רעפאַטריאַנטן איז די געלט-שטיצע רעדוצירט געוואָרן בלויז צו דרינגענדיקע פאַלן. די פאָרם פון דרינגענדיקער הילף איז געווען אָנגעוואַנדן אויך אין די שפעטערדיקע יאָרן, ביז צום

סוף פון 1967 און עקזיסטירט נאָך מסתמא אויך הייַנט ביי דעם הייפּל ייִדן, וואָס זענען נאָך אין פּוילן.

אין לאָדש האָט א ייִד, וועלכער איז געקומען פון לאַגער אָדער פון וואַלד, באַקומען: 50 זל מזומן

א מלבוש

א שפּייז-פּעקל

א געלעגער אין פּליטים-הויז (ביז ער האָט באַקומען א דירה).

אויף אַן ענלעכן אופן האָבן פאַרטיילט די הילף אויך אַלע אַנדערע ייִדישע קאָמיטעטן אין פּוילן. מען דאַרף אויך נעמען אין אַכט, אַז די מענטשן האָבן אויך באַקומען אינדי-ווידועלע שטיצע פון זייערע קרובים אין אויסלאַנד. א באַדייטנדיקע הילף האָבן אויך מיט זיך פאַרגעשטעלט די פּילצאָליקע טראַנספּאָרטן מיט מלבושים און געלט-איבער-ווייזונגען, געשיקטע דורך פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפן פון אויסלאַנד.

מיט א באַזונדערער זאָרג זענען אַרומגענומען געוואָרן די זקנים. די וואָגיקסטע פאָרם הילף פאַר זיי איז געווען דער מושב-זקנים, אין וועלכן דער עלטערער מענטש האָט באַ-קומען אַלץ, וואָס ער האָט געדאַרפט.



זומער-קאָלאָניע אין מאַריאַנאָוועק (ביי קאַטאָוויץ), 1963

זקנים-הייזער זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין פאַרשיידענע שטעט פון לאַנד, צוו. אנד. אין ביאַליסטאָק, לאָדזש, קראָקע, שטשעטשין, וואַרשע. די אַלטע מענטשן האָבן דאָרט גענאָסן פון פולער אויסהאַלטונג, באַקליידונג, מעדיצינישער אויפ-זיכט.

אָבער נישט אַלע אַלטע מענטשן האָבן געוואָלט זייַן אין מושב-זקנים און די דאָזיקע אַנשטאַלטן האָבן אויך נישט געקאָנט אַריינעמען אַלע פּאָטענציעלע קאַנדידאַטן. אויך אויסער דעם זקנים-הויז זענען זיי אַרומגענומען געוואָרן מיט דער ווייטגייענדיקער שוץ, אפילו דעמלט, ווען דאָס זענען געווען מענטשן וועלכע האָבן געהאַט נאָענטע אָדער ווייטערע קרובים אין לאַנד.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען ליקווידירט געוואָרן אייניקע קלענערע זקנים-הייזער. דאַקעגן זענען זיי פאַר-בליבן אין די גרויסע שטעט און דאָרט זענען קאָנצענטרירט געוואָרן די אַלטע מענטשן פון גאַנצן לאַנד.

**אין שוץ פון גראַטעוועטן קינד**

די ערשטע וועזנטלעכע הילף פאַר קינדער איז געווען דאָס אָרגאַניזירן קינדער-אַנשטאַלטן, קודם-כל קינדערהיימען. שפּעטער איז אויסגעוואַקסן א נעץ פון האַלב-אינטערנאַטן (פּאַרשולן), קינדער-גערטנער, זויג-היימען אד"ג.

אין באַפרייטן לובלין ווערט אָרגאַניזירט א קינדערהיים, וועלכע נעמט אַריין 145 קינדער. די דאָזיקע היים, מיט וועל-כער עס האָט אָנגעפירט ד"ר מאַריאַ שולדנפריי און שפּעטער פּרוי נאַטאַנבליט, איז צוליב זיכערהייטס-טעמים איבער-געטראַגן געוואָרן קיין דזשערזשאָניאָוו אין נידערשלעזיע.

די קינדערהיים אין זאַגזשעביע (נעבן פּאַלעניץ) האָט אַריינגענומען 140 קינדער, עס האָט מיט איר אָנגעפירט דער דערציער זעלמאַנאָווסקי און דער ד"ר בייער.

אין העלענוועק (נעבן לאָדזש) איז געגרינדעט געוואָרן א קינדערהיים פאַר 120 קינדער. כאָזשעוו (אויבערשלעזיע) האָט געהאַט א היים פאַר 80 קינדער. אין דער קינדער-היים אין פּשעמישל זענען געווען 60 קינדער, אין טשענס-טאָכאָוו 60, אין ביעלסקאָ 10, אין שטשירק 50 און אין זאַ-קאָפּאַנע 100 קינדער.

פון הייל-אַנשטאַלט אין ראַבקאַ האָבן געגאָסן הונדערט ייִדישע קינדער. פון דער אָטוואָצקער סאַנאַטאָריע פאַר טו-בערקולאָז-קראַנקע — 35 קינדער.

קינדער וועלכע האָבן נישט גענאָסן פון דער א. ג. פאַר-

מאכטער הילף אין די קינדערהיימען און אינטערנאטן, זענען ארומגענומען געוואָרן מיט דער אָפענער הילף אין פארשיידענע פאָרמען, צוגעפּאסטע צו דער פאראנענער לאגע, צו די פאראנענע באדינגונגען.

די שילער פון די יידישע שולן האָבן אין שול באקומען באשפייזונג: פרישטיק און מיטאָג. זיי האָבן אין פאר־לויף פון יאָר באקומען זומער־ און ווינטער־קליידונג. די גאָר שוואכע קינדער האָבן זיך געפונען אונטער א ספּעציעלער מעדיצינישער השגחה און אין פאל ווען דאָס איז געווען נויטיק, האָבן זיי גענאָסן פון סאנאטאָרישער היילונג.

די קינדער אין די שולן זענען באהאנדלט געוואָרן דורך א מעדיצינישן פּערסאָנאל וועלכן עס האָט אָרגאניזירט דער "טאז". א וויכטיקע באדייטונג האָבן געהאט די זומער־קאָלאָניעס, וועלכע דער "טאז" פלעגט ארגאניזירן פאר אלע שילער אין דער צייט פון די זומער־פעריעס.

אין די יידישע ישובים איז אָרגאניזירט געוואָרן א נעץ פון האלב־אינטערנאטן, אנדערש גערופן: פאָרשולן. אין די דאָזיקע אנשטאלטן האָבן געפונען אָן אָרט קינדער פון 3 ביז 7 יאָר. פון דער פאָרשול פלעגן די קינדער אָנקומען אין ערשטן קלאס פון דער שול צוגעגרייטע גייסטיק און פּראקטיש צום לערנען.

אין די האלב־אינטערנאטן האָבן די קינדער גענאָסן פון באשפייזונג און אין די ראמען פון די מעגלעכקייטן אויך פון באקליידונג. דעם אָוונט און די נאכט פלעגן די דאָזיקע קינדער פארברענגען אין דער היים ביי די עלטערן.

אן ענלעכע אויפגאבע האָבן געהאט די קינדער־גערטנער, וועלכע זענען אנטשטאנען אין פארשיידענע שטעט מיט א גרעסערער צאָל יידישע איינוווינער. דאָ פלעגן זיך די קליינע קינדער געפינען פון אינדערפרי ביז נאָך מיטאָג. הויפּטזעכ־לעך זענען עס געווען קינדער פון משפחות אין וועלכע די עלטערן זענען געווען באשעפטיקט און האבן נישט געקאָנט ווידמען דעם קינד די נויטיקע צייט און אויפמערקזאמקייט.

אין א גאנצע ריי גרעסערע יידישע ישובים זענען אָרגאני־זירט געוואָרן זויגלינג־היימען פאר קינדער ביז דריי יאָר.

א סך קינדער וועלכע האָבן נישט גענאָסן פון די אָרגאני־זירטע קינדער־אנשטאלטן, פלעגן באקומען ענלעכע הילף אין די יידישע קאָמיטעטן.

עס זענען אויך געווען קינדער, וואָס האָבן נישט גענאָסן פון קיין שום הילף, וועלכע עס האָבן אָרגאניזירט די יוגנט־אָפּטיילונגען. דאָס זענען געווען קינדער פון עלטערן, וועל־כע האָבן געארבעט אין פארשיידענע מלוכישע אינסטיטו־ציעס און זיך באמיט צו־האלטן וואָס ווייטער פון די יידישע אָרגאניזאציעס. זיי האָבן געגלויבט, אז זייער קאָפּ און זייערע לעבנס־באדינגונגען וועלן זיין זיכערער ווען זי וועלן אָנגיין פאר פּאָליאקן.

מען דארף פעסטשטעלן אז די פארשיידענע פאָרמען פון אָרגאניזירטער הילף האָבן געראטעוועט די קינדער פון פול־שטענדיקער אָדער טיילווייזער פיזישער דעגענעראציע.

וועגן פארנעם פון דער הילף זאָגן עדות פאָלגנדיקע ציפערן: די צאָל קינדער וואָס האָבן גענאָסן פון דער שוץ האָט צום סוף פון יאָר 1945 באטראָפן מער ווי 5.000 און דעם 30־טן יוני 1946 — 20.095. די אלגעמיינע צאָל יידישע קינדער און יוגנטלעכע אין לאנד האָט דעמלט באטראָפן 46.200.

אויך די שילער פון מיטל־שולן און סטודענטן האָבן גענאָסן פון סאָציאלער הילף, וועלכע האָט אויך אויף דעם געביט געהאט א פארשיידנארטיקן כאראקטער. צו די הילפס־פאָר־מען האָבן געהערט: בורסעס פאר שילער און סטודענטן, ווו דער יוגנטלעכער האָט געהאט צו זיין פארפיגונג אלץ, וואָס איז נויטיק געווען צו פירן א נאָרמאל שילער־לעבן. די סטודענטן זענען דאָ געווען פארזאָרגט מיט עסן און האָבן געוווינט אין איינגעאָרדנטע צימערן, זיי האָבן גענאָסן פון בורסע־קלוב, ביבליאָטעק און לייען־זאל.



ייִדישע קינדער־קאָלאָניע אין שאַניאַווע, 1949

אנדערע יוגנטלעכע וועלכע האָבן געהאט א היים און נישט געפונען קיין אָרט אין די בורסעס, האָבן גענאָסן פון סטיפענדיעס (קרוב 40 פראָצ. פון דער יוגנט) און אנדערע פאָרמען הילף.

אנשטאלטן פאר קינדער אין עלטער פון 1־טן ביז 14־טן יאָר צום סוף פון 1945 און אויפן 30־טן יוני 1946.

| ארט | 1־טער יאַנואַר 1946 צאָל אַנ־שטאַלטן | 1־טער יאַנואַר 1946 צאָל קינדער | 30־טער יוני 1946 צאָל אנשט. | 30־טער יוני 1946 צאָל קינדער |
|---|---|---|---|---|
| טשענסטאָכאָוו | 1 | 39 | 1 | 39 |
| קאַטאָוויץ | 2 | 161 | 2 | 254 |
| קראָקע | 1 | 100 | 1 | 166 |
| לאָדזש | 1 | 87 | 1 | 187 |
| פשעמישל | 1 | 52 | 1 | 34 |
| וואַרשע | 3 | 221 | 3 | 287 |
| ווראָצלאַוו | 1 | 89 | 2 | 168 |
| צוזאַמען: | 10 | 749 | 11 | 1.135 |

די צאָל אנשטאלטן און די צאָל קינדער וועלכע האָבן פון זיי גענאָסן, איז נישט געווען קיין סטאטישע, פונקט ווי עס איז נישט געווען סטאטיש די יידישע באפעלקערונג אין פוילן. ווי לאנג אין דער געגעבענער שטאָט איז געווען א גענוגנדיקע צאָל קינדער, האָבן עקזיסטירט די אנשטאלטן. אויב די צאָל איז געפאלן אָדער די זיכערקייט איז געווען א באדראָטע, האָט מען אנשטאלטן ליקווידירט אָדער איבערגעטראָגן אויף אן אנדער זיכער אָרט, אזוי ווי דאָס איז געשען מיט דער לובלינער קינדערהיים. עס זענען אויך געווען פאלן, ווען גאנצע קינדערהיימען האָבן פארלאָזט פוילן, כדי אויסער די גרענעצן צו זוכן זיכערקייט און באדינגונגען צום לעבן. דאָס רוב פון זיי האָבן זיך שפעטער געפונען אין מדינת ישראל.

### אנדערע פאָרמען פון הילף

נאָך צוויי פאָרמען פון דער הילפס־ארבעט מוזן מיר דאָ באטראכטן: הילף פון "דזשאָינט" פאר פראָדוקטיוויזאציע־צוועקן און הילף ביים פאראייניקן זיך מיט משפחות אויסער די גערנעצן פון פוילן.

עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, אז דער ציל פון דער הילפסטעטיקט איז געווען געווינען דעם גרעסטעוועטן יידן פאר דער געזעלשאפט, נישט מאכן אים פאר אַ שנאָרער, וואָס לעבט פון קיצבה. פארקערט: העלפן אים ווערן א פולווערטיקער מענטש, וואָס זאָל צוריק אויפבויען זיין היים. כדי דאָס דערגרייכן, האָט מען געמוזט אָרגאניזירן באשעפטיקונג, געבן ארבעט די ארבעטספעיקע. אין דער פראקטיק האָט עס געהייסן העלפן דעם מענטשן זיך איינאָרדענען אויף ארבעט אין פריוואטע און מלוכישע אונטערנעמונגען, העלפן אויסגעפינען דעם ארבעטס־פלאץ, און ווען עס האָט זיך געפאָדערט — לערנען אים א מלאכה.

צוליב דעם מאנגל אין ארבעטס־פלעצער האָט מען געמוזט שאפן אייגענע קאָאָפעראטיווע אונטערנעמונגען. פאר האנטווערקער זענען דערטיילט געוואָרן הלוואות אויף צו שאפן ווארשטאטן. אָס די הילף איז פון אָנהויב רעאליזירט געוואָרן דורך דער פראדוקטיוויזאציע־אָפטיילונג פון צענטראל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן. שפעטער האָט די דאָזיקע ווירטשאפטלעכע אויפגאבע איבערגענומען די יידישע ווירטשאפט־צענטראלע "סאָלידארנאשטש". די פינאנסיעלע אָפעראציעס האָט דורכגעפירט דער "יידישער באנק פאר פראָדוקטיוויזאציע".

אין ביאליסטאָק זענען אין יאָר 1945 געגרינדעט געוואָרן די ערשטע פיר יידישע קאָאָפעראטיוון אין פוילן. צו דעם צוועק זענען אויסגענוצט געוואָרן געלטער, וועלכע עס האָבן געשיקט די ביאליסטאָקער לאנדסמאנשאפטן פון פאראייניקטע שטאטן און ארגענטינע. דאָס זענען געווען: די בעקער־קאָאָפעראטיוו "פראצא", מעטאל־קאָאָפעראטיוו "מעטאל", די שניידער־קאָאָפעראטיוו "סאלאָן מאָד" און דער שוסטער־קאָאָפעראטיוו "באָטיווין". די דאָזיקע קאָאָפעראטיוון זענען אויסגעוואקסן צו באדייטנדיקע אונטערנעמונגען און עקזיסטירן ביזן היינטיקן טאָג, מיט דעם איינעם אונטערשייד, אז היינט זענען שוין אין זיי קיין יידן נישט פאראן.

אין 1948/49 האָבן די קאָאָפעראטיוון אויסגעבויט אן אייגן בנין אין צענטער פון דער שטאָט, אויף קילינסקיעגאָ־גאס. אין די ביאליסטאָקער קאָאָפעראטיוון האָבן באקומען באשעפטיקונג פיל צענדליקער יידישע האנטווערקער.

די פאָרם פון אָרגאניזירן קאָאָפעראטיוון האָט זיך שנעל אָנגענומען. אין ערשטן האלבן יאָר 1946 זענען שוין אין גאנץ פוילן געווען 106 יידישע קאָאָפעראטיוון מיט 2.387 באשעפטיקטע. בלויז אין שטשעטשין זענען אין 1946 אָרגאניזירט געוואָרן 16 קאָאָפעראטיוון, אין וועלכע עס האָבן באקומען באשעפטיקונג מער ווי 500 פערזאָן. אין לאָדזש — 9 קאָאָפערטיוון מיט קנאפע 200 באשעפטיקטע; אין ווארשע 6 קאָאָפעראטיוון אא"וו.

אין ערשטן האלבן יאָר 1946 האָבן די קאָאָפעראטיוון באקומען פון דער פראָדוקטיוויזאציע־אָפטיילונג הלוואות אויף א סומע פון 6.717.000 זל.

די יידישע קאָאָפעראטיווע באוועגונג האָט זיך שנעל אנטוויקלט און אין י. 1949 האָבן שוין געארבעט קאָאָפעראטיווע אונטערנעמונגען מיט פיל הונדערט באשעפיקטע, צ. ב. דער קאָאָפעראטיוו א. נ. "22 יולי" אין שטשעטישין און "אָלגין" און ווראָצלאוו. דאָס זענען געווען גוט איינגעאָרדנטע, מעכאניזירטע שניידער־, שוסטער־, טריקאָטאזש־ אָדער טעקסטיל־פאבריקן, וועלכע ארבעטן אין פוילן ביז היינט, אָבער שוין אָן יידישע ארבעטער, אָן יידישע אָנגעשטעלטע.

גלייכצייטיק זענען געשטיצט געוואָרן די פריוואטע האנטווערקער־ווארשטאטן. אין דער זעלבער צייט ווען עס זענען שוין פאראן געווען די 106 יידישע קאָאָפעראטיוון, האָבן געארבעט 988 פריוואטע ווארשטאטן מיט 1124 באשעפטיקטע און אויף זייער איינאָרדענען איז פארווענדעט געוואָרן א סכום פון 10.087.000 זלאטעס. דאס דאזיקע געלט האָבן די האנטווערקער באקומען אין דער פארם פון לאנגטערמיניקע הלוואות. סיי די קאלעקטיווע אונטערנעמונגען, סיי די פריוואטע האבן זייער גוט פראספערירט. דער אינערלעכער מארק איז נאך דער מלחמה געווען אויסגעהונגערט און אלע סחורות פלעגן ווערן אויספארקויפט, אפילו ווען די פראדוקציע איז נישט געווען פון דער בעסטער קוואליטעט.

אין יאר 1946 איז אויך ארגאניזירט געווארן די יידישע ווירטשאפטס־צענטראלע "סאלידארנאשטש", וועלכע האט זיך

פארנומען מיט אפנעמען די פראדוקציע, פארקויפן זי אין אונטערנעמונגען פאר דעטאל. „סאלידארנאשטש" האט אויך באזארגט די קאָאפעראַטיוון מיט רוי-מאטעריאלן.

אין שטשעטשינער ראיאן, אין די דערפער קאניא-גורא און אוסטאווא, און אויך אין נידערשלעזיע זענען ארגאניזירט געווארן לאנדווירטשאפלעכע קאאפעראטיוון. יידן האבן אויך איבערגענומען פיל פריוואטע ערד-ווירטשאפטן און האבן געארבעט מיט גרויס דערפאלג.

דעם 1-טן אויגוסט 1946 האט די צאל פון יידן באשעפטיקטע אין דער אינדוסטריע (אריינגערעכנט קוילן-גרובנס), אין אינדיווידועלן און קאאפעראטיוון האנטווערק און אין דער לאנדווירטשאפט, באטראפן צוזאמען:

| | |
|---|---|
| נידערשלעזיע | 17.000 |
| אויבערשלעזיע | 6.000 |
| שטשעטשין | 3.800 |
| קראקע | 2.500 |
| לאדזש | 6.000 |
| ווארשע | 3.200 |
| אנדערע ערטער | 5.200 |
| צוזאמען | 43.700 |

אלע ארבעטנדיקע יידן האבן גענאסן פון דער סאציאלער הילף דירעקט אדער אומדירעקט. מיט דער צייט האט זיך באמערקט א פראצעס פון כסדרדיקער פארקלענערונג פון דער צאל ארבעטנדיקע אין די מלוכישע פאבריקן און אונטערנעמונגען, דאקעגן איז געוואקסן דער א. ג. קאאפעראטיווער סעקטאָר. אויך די פריוואטע ווארשטאטן האבן זיך ביסלעכוויז ליקווידירט, זייערע אייגנטימער זענען אריבערגעגאנגען ארבעטן אין קאאפערטיוון, אדער זיי זענען ארויסגעפארן פון פוילן.

אין 1949 י. האָט שוין אין די יידישע אונטערנעמונגען געארבעט א באשיידענע צאל נישט-יידן. שפעטער זענען די נישט-יידישע ארבעטער און אנגעשטעלטע געווארן א דעצידירנדיקער פאקטאר אין די דאזיקע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען אויפגעבויט געווארן פאר יידיש געלט.

א גרויסע באדייטונג האט פאר דער שארית הפליטה געהאט די טעטיקייט פון „ארט". טויזנטער יידן יונגע און אלטע, מענער און פרויען, האבן זיך געלערנט אויף די פאך-קורסן אדער אין די שולן פון „ארט". דא האבן זיי באקומען די צוגרייטונג אין פיל פאכן, וועלכע זענען געווען ווייט פון אזוי גערופענע טראדיציאנעלע יידישע מלאכות. אזוי ארום זענען יידן אריין ארבעטן אין אלע אן אונטערשייד, אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און אין בוי-וועזן. א גאר גרויסע ראל האט אפגעשפילט דער מעטאד פון א. ג. בייווארשטאטדיקער שולונג. דער ייד האט באקומען די אויסשולונג אין א פאבריק, און דארט פלעגט ער בלייבן ארבעטן. אין דער צייט פון לערנען זיך די ארבעט, האט דער „ארט" אים פארזיכערט אן אינסטרוקטאר און געצאלט א סטיפענדיע אזוי לאנג, ביז דער מענטש האט שוין געקאנט ארבעטן זעלבשטענדיק און פארדינען אויפן לעבן.

וואס איז געשען מיט די פילצאליקע קינדער- און יוגנט-אנשטאלטן? ווען דעם 1-טן סעפטעמבער 1949 איז פארעפנטלעכט געווארן דער טרויעריק בארימטער „קאמוניקאט פון מיניסטעריום פאר אדמיניסטראציע-ענינים", וועלכער האט פארווערט די טעטיקייט פון די ציוניסטישע פארטייען און ארגאניזאציעס, איז אויך געקומען א סוף צו דער זעלבשטענדיקער ארבעט פון די יידישע בילדונגס-ארגאניזאציעס. געהייסן האט עס, אז די פוילישע מלוכה נעמט איבער די זארג פאר די יידישע אינסטיטוציעס. די דאזיקע „זארג" איז ארגאניזירט געווארן אויף אזא אופן, אז קורץ נאך דעם האבן שוין נישט עקזיסטירט די יידישע פארשולן. דאס זעלבע איז געשען מיט די אנדערע קינדער-אינסטיטוציעס, מיט די זויגלינגהיימען, קינדער-גארטנס א"אנד.

די יידישע שולן, סיי די גרונטיקע, סיי די מיטעלע זענען ארויס פון אונטער דער דעצידירנדיקער השגחה פון דער בילדונגס-אפטיילונג פון יידישן פארבאנד. דעצידירט האט דאס בילדונגס-מיניסטעריום און די געגעבענע שול-אינספעקטאראַטן. יידיש האט אויפגעהערט צו דאמינירן אין די יידישע שולן. מען האט עטוואס געלערנט די יידישע שפראך, ליטעראטור און געשיכטע, דאס זענען שוין אבער געווען צוגאבלעכע און נישט הויפט-קעגנשטאנדן, דערביי איז די צאל לערן-שעהן כסדר פארקלענערט געווארן.

### הילף ביים פאראייניקן זיך מיט משפחות אויסער די גרענעצן פון פוילן

איינע פון די עיקר-אויפגאבן, וועלכע האט זיך געשטעלט דער צענטראל-קאמיטעט פון די יידן אין פוילן גלייך נאך דער מלחמה איז געווען: גרינדן אן אפטיילונג, וואס זאל זיך פארנעמען מיט אלע עמיגראציע-ענינים, געבן די נויטיקע אינפארמאציעס, העלפן דערליידיקן די פארמאליטעטן א"וו. אט די דאזיקע אפטיילונג איז געשאפן געווארן אין ערשטן קווארטל 1946, און זי האט אנטוויקלט א לעבהאפטיקע טעטיקייט. די אויפגאבן פון דער אפטיילונג זענען געווען: „רעפרעזענטירן די יידישע באפעלקערונג אין אלע עמיגראציע-ענינים אין די פוילישע מלוכה-אמטן און אין די קאנסולאטן פון פרעמדע מלוכות; געבן מאטעריעלע הילף און דערליידיקן אלערליי פאספארט- און וויזע-פארמאליטעטן פאר מענטשן, וואס באמיען זיך ארויספארן קיין אויסלאנד; שטיין אין ענגע צוזאמענארבעט מיטן אויסערן-מיניסטעריום. דאס אויסערן-מיניסטעריום נעמט אן ביטעס וועגן אויסלענדישע פעסער אויסשליסלעך אויפן סמך פון באשטעטיקונגען פון דער עמיגראציע-אפטיילונג ביים צ. ק. די באשטעטיקונגען זאגן עדות וועגן דער יידישער נאציאנאליטעט פון די פערזאנען, וועלכע גרייטן זיך ארויספאָרן. די עמיגראציע-אפטיילונג קאארדינירט איר ארבעט מיט דער טעטיקייט פון „היאס", פאלעסטינע-אמט און „דזשאינט".

אין משך פון עטלעכע חדשים ביז דעם 30-טן יוני 1946 זענען ארויסגעגעבן געוואָרן 7.700 באשטעטיקונגען צום אויסערן-מיניסטעריום. דורך דער פארמיטלונג פון דער עמיגראציע-אפטיילונג זענען אפגעגעבן געווארן אין די געהעריקע אמטן 838 ווענדונגען וועגן ארויסגעבן אויסלענדישע פעסער.

אזוי פיל האט וועגן דער אפטיילונג געשריבן דער באריכט פון צ. ק.; שפעטער, נאך דעם קעלצער פאגראם איז

דער דראנג צו עמיגראציע געווען אזוי גרויס, אז די אפטיילונג האט פאקטיש פארלוירן דעם קאנטראל איבער דעם ענין.

די הילף ביים פאראייניקן זיך מיט די משפחות אין אויסלאנד, איז באשטאנען נישט נאָר אין ארויסגעבן באשטעטיקונגען און העלפן באקומען דעם אויסלענדישן פאס. דער עמיגראנט האט אויך באקומען רייזע־הוצאות (פון ״היאס״ און ״דזשאינט״), אויך פיל לאנדסמאנשאפטן האבן דערטיילט הילף אויף דעם דאזיקן צוועק.

אין ביאליסטאק פלעגט מען דעם ארויספארנדיקן יידן געבן א שטיצע ביז 5.000 זלאטעס. דאס זעלבע איז אויך געווען פראקטיצירט דורך אנדערע לאנדסמאנשאפטן.

אין דער ערשטער צייט האבן די אפטיילונגען אויסגעפירט זייער ארבעט בשלימות. אבער מיט דער צייט האט זי פארלוירן איר אמתע באדייטונג. אין דער ערשטער ריי איז עס געקומען אין רעזולטאט פון די עמיגראציע־באגרענעצונגען, וועלכע עס האט איינגעפירט די רעגירונג, אויף דעם האבן אויך געהאט אן איינפלוס מיטגלידער פון צ. ק. (קאמוניסטן), וואס זענען פון אנהויב געווען גלייכגילטיק צו דער עמיגראציע, און שפעטער זענען זיי געווארן אירע קעגנער.

די, וועלכע האבן פארלאזט פוילן ביזן סוף 1949, האבן גענאסן פון הילף. מיט דער ליקווידאציע פון ״דזשאינט״ איז די הילף איבערגעריסן געווארן.

### 1950 — 1957

אין י. 1950 איז מיט איין מאל איבערגעריסן געווארן די גאנצע הילפס־ארבעט פון די יידישע קאמיטעטן. די פוילישע רעגירונג האט אויף א באליידיקנדיקן אופן פארווארט די טעטיקייט פון ״דזשאינט״. די מאכט־ארגאנען האבן עס מאטיווירט צוו. אנד. מיט דעם, אז אזוי ווי די יידן זענען פולבארעכטיקטע פוילישע בירגער, דארפן די נויטבאדערפטיקע פון זיי געניסן פון דער נארמאלער הילפס־נעץ אין לאנד, ד. ה. פון דער ״אפיעקא ספאלעטשנא״ אין געגעבענעם וווינארט. א געוויסע צאל יידן, וואס האבן נישט געהאט קיין אנדערע ברירה, האבן זיך געוואנדן צו דער סאציאלער הילף פון שטאט־ראט און פון דארט באקומען שטיצע. אבער כדי די דאזיקע שטיצע צו באקומען, האט מען געדארפט זיין א קבצן אין זיבן פאלעס, דאס הייסט נישט פארמאגן קיין שום מעגלעכקייט צו פארדינען און נישט האבן קיינעם, וועלכער זאל קענען שטיצן דעם פעטענט. וואס האבן אבער געדארפט טאן די אלע יידן, וועלכע האבן זיך אליין נישט געקאנט קיין עצה געבן און פון מאטעריעלער שטיצע פון דער ״אַפיעקא ספאלעטשנא״ האבן זיי נישט געקאנט געניסן, ווייל זייער מצב האט נישט אנטשפראכן די פארפליכטנדיקע קריטעריעס? דער רעאָרגאניזירטער יידישער קאמיטעט האט זיך אפיציעל מער מיט דער הילפס־ארבעט נישט פארנומען. אבער פאקטיש איז די הילפס־טעטיקייט נישט אפגעשטעלט געווארן, זי האט איצט אנגענומען גאנץ אנדערע פארמען.

איך האב שוין דערמאנט וועגן דער גרויסער נעץ קאאָפעראטיווע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען אָרגאניזירט געווארן פאר יידן און פאר יידיש געלט. איצט איז די באדייטונג פון די דאזיקע אונטערנעמונגען אויסגעוואקסן,



ווייל אלע נויטבאדערפטיקע יידן האבן דארט געמוזט באקומען אן ארבעטס־ארט. פאר עלטערע מענטשן און שוואכע האט מען אויסגעזוכט אלע מעגלעכע לייכטע באשעפטיקונגען. פיל מענער און פרויען האט מען אין די פאבריקלעך און ווארשטאטן אויסגעלערנט אויסצופירן א געוויסן טייל פון ארבעטס־פראצעס, צ. ב. ביי בייטל־מאכעריי, ביים פראדוצירן לעדער־גאלאנטעריע, ביי שיסטעריי, שניידעריי, טריקאטאזש. פיל עלטערע יידן זענען איינגעארדנט געווארן ארבעטן אלס וועכטער און פארטיערן. דאס איז געווען א וועזנטלעכע הילף, כאטש קיין גרויסע פארדינסטן זענען דערביי נישט געווען. צום לוין איז אבער צוגעקומען אומזיסטע מעדיצינישע הילף, רפאות, פון צייט צו צייט אויך סאנאטאריע־היילונג.

דערטיילן הילף אויף אזא אופן איז אויך נישט געווען פון די פשוטע זאכן, ווייל דאס צונעמען צו דער ארבעט מענטשן, וועלכע זענען נישט געווען פעיק צו דער ארבעט דירעקט ביי דער פראדוקציע, האט אנגעטראפן אויף שוועריקייטן.

די דאזיקע הילף איז אבער אין משך פון דער צייט געווארן אלץ קלענער. די סיבה איז געווען א פשוטע: די יידישע אנפירער זענען ביסלעכווייז באזייטיקט געווארן פון זייערע פאסטנס, און די פוילישע האבן לגמרי נישט געטראכט צו טאן גוטס פאר די יידן. די צאל יידישע ארבעטער אין די קאאפעראטיוון האט זיך באדייטנדיק פארקלענערט, ביז די קאאפעראטיוון האבן אינגאנצן פארלוירן זייער יידישן כאראקטער.

עס זענען געווען פיל פאלן ווען יידן האָבן זיך גענויטיקט אין *דרינגנדיקער* הילף. דאס פלעגט זיין אין אומגליקס־פאלן, פלוצימדיקע קראנקהייטן אד״ג. קיין פאנדן אויף דעם צוועק האט שוין איצט דער יידישער קולטור־געזעלשאפטלעכער פארבאנד נישט פארמאגט. אבער העלפן האט מען געמוזט; איז מען דעריבער איבערגעגאנגען צום אלטן אויסגעפרווטן יידישן מעטאד פון שאפן געלט ביי די פארמעגלעכע פאר די נויטבאדערפטיקע. און עס דארף אונטערגעשטראכן ווערן, אז דער דאזיקער מעטאד פלעגט נישט פארפירן, ספעציעל ווען מיט זאמלען דאס געלט פלעגן זיך פארנעמען טוער, צו וועלכע מען האט געהאט צוטרוי. די טוער פלעגן זיך אין דער מערהייט רעקרוטירן פון די קרייזן ביי דער יידישער רעליגיעזער קהילה.

אט די פאָרם פון דרינגנדיקער הילף האט געדויערט ביזן 1957 יאר, ד. ה. ביז עס איז ווידער באנייט געווארן די ארבעט פון ״דזשאינט״ אין פוילן, אבער אויך דעמלט איז זי אינגאנצן נישט אפגעשטעלט געווארן.

מען דארף דא אויך זאגן א גוט ווארט וועגן די פרויען־קאמיסיעס, וועלכע זענען געווען טעטיק ביים קולטור־געזעלשאפטלעכן פארבאנד פון די יידן אין פוילן. די פרויען זענען געווען אומדערמידלעך ביים שאפן פאנדן אויף הילפס־צוועקן. זיי האבן אויך ארומגערינגלט מיט זארג די קראנקע אין שפיטאלן און אויך אויסער די שפיטאלן. די דאזיקע הילף איז גאר נישט צום אפשאצן.

פיל נויטבאדערפטיקע יידן האבן גענאסן פון דער כשרער קיך ביי דער רעליגיעזער קהילה. זיין פלעגן דארט באקו־

פאלק האט סאציאליזם אנגעהויבן באדייטן דאס אלץ וואס איז גוט און נוצלעך פאר רוסלאנד; שפעטער איידער נאך כרושטשאווס אויפטריט קעגן די שיינע מעשים פון סטאלינען און נאך די בונטן פון באזונדערע סאטעליטן־מלוכות קעגן מאסקווע, האט סאציאליזם אנגעהויבן באדייטן דאס אלץ וואס איז גוט אין יעדער סאציאליסטישער מדינה פאר דער הערשנדיקער נאציע — דאן וועט ווערן קלאר ווהין אזא "נאציאנאלע פארם" אויסגעהוילט פון אינהאלט איז געווען מסוגל צו דערפירן און ווהין זי האט טאקע דערפירט.

די פלוצלימדיקע ליקווידאציע פון די וועזנטלעכסטע יידישע קולטור־טעטיקייטן אין פוילן אין יאר 1968, האט נאר למראית־עין אויסגעזען פלוצימדיק. אין דער ווירקלעכקייט איז דאס געווען א פראצעס, וועלכער איז אנגעוואקסן בהדרגהדיק און וועלכער האט זיך ביי א פאסיקער געלעגנהייט בלויז אנטפלעקט.

די דאזיקע געלעגנהייט איז געווען דער אינערלעכער קאמף פאר מאכט און די שאוויניסטישע אינטערעסן פון א גרויסמאכטישער אויסערן־פאליטיק.

פאר זיי בײדע האט דער ייד — סיי דער נאציאנאלער און סיי דער אסימילירטער — געקאנט דינען ווי אלעמאל און אומעטום אלס גוטער בליץ־אפלייטער און אלס שעיר־לעזאזל.

ביידע זיך באקעמפנדיקע צדדים — די גאמולקא־גרופע און די אזוי גערופענע פארטיזאנער־גרופע — האבן געזוכט פאפולערקייט מיט דער הילף פון יידן־שנאה.

ביידע האבן געזוכט אונטערשטיצונג אין זייער שאוויניסטישער אויסערלעכער גרויס־פאליטיק דורך אריבערטראגן די קאמפן פון די ווייטע מזרח־פראנטן, וואס קיין שום פאליאק האט נישט פארשטאנען און פארשטייט ווייטער נישט, וואס פארא שייכות זיי האבן מיט זייערע טאג־טעגלעכע פוילישע אינטערעסן — צו די יידן אין זייער אייגענער מדינה, אנשפארנדיק זיך אויף דער אויסגעפרוווטער הנחה, אז ווען מען שרייט: שלאגט יידן! זוכט קיינער נישט צו פארשטיין געוויי פארוואס.

אויף דער דאזיקער סטאדיע אין שוין מער נישט וויכטיק קיין איינצלנער פרט, מעג ער האבן איבערגעשטיגן מיט זיין אנטי־יידישקייט פיל קלאסיש־אנטיסעמיטישע.

למשל די גזרה פון 1968 וועגן איבערזעצן אויף פויליש יעדן מאנוסקריפט, וואס פרעטענדירט צו באווייזן זיך אין דרוק, ווארשיינלעך צוליב דעם, וואס אין נייעם אינטערנאציאנאליסטישן פוילן האט זיך נישט געפונען קיין איין ייד, צו וועלכן מען האט געקאנט האבן צוטרוי.

אפילו דער דאזיקער בולטער פאקט, צו וועלכן עס האבן זיך נישט דערטראכט אפילו די צארישע אדער ענדעקישע צענזארן, איז נישט אזוי וויכטיק, ווי דער אלגעמיינער פאקט, אז אויך אין דער קאמוניסטישער פארמאציע קאנען די יידן נישט געפינען קיין מנוחה נישט אין נאציאנאלן אויסלעבן זיך, נישט אין אסימילאציע. די אנהענגער פון די ביידע וועגן ווערן אויפגערופן צו דער תוכחה, ווערן פא־משפט אויף נע־ונד.

דער אויסוועג צו "באהעפטן זיך מיט דער סאציאליסטישער נאציע" און אין איר פארשווינדן, ווי דאס האבן דיסקרעט פראפאגירט די קאמוניסטן אין די ערשטע יארן, האט אין קאנפראנטאציע מיט דער ווירקלעכקייט אבסאלוט באנקראטירט. אונטער דעם פסעוודאנים "ציוניסטן" זענען באשולדיקט געווארן ווי פרעמדע, אדער ווי א פינפטע קאלאנע, אלע יידן אן אויסנאם, אמת, נישט מיט ווערטער, נאר מיט מעשים.

די יידישע יוגנט־קלובן זענען געווארן געשלאסן ווי "נעסטן פון ציוניזם"; די יידישע פרעסע איז געווארן געמשפט דערפאר, ווייל זי האט נישט פראפאגירט דעם דעמאלטיקן יושרדיקן פלאן פון שוקיירין און דעם היינטיקן פון די אלע מינים על־פאטאכס, אז די יידן פון ישראל זאלן מיט פרייד זיך לאזן אריינווארפן אין ים; פון די יידישע איינזאמע אינוואלידן און זקנים האט מען צוגענומען יעדע הילף, ווייל זי האט געשטאמט פון "דזשאינט" וועלכער איז ווי באוווסט אן אגענטור פון ציוניזם און אמעריקאנער אימפעריאליזם; מחמת דעם זעלבן טעם האט מען אויך ליקווידירט די זומער־קאלאניעס פאר דער יידישער יוגנט; די אמאטארישע באוועגונג; דאס יידישע זקנים־הויז און אנדערער יידישע הייזער, וועלכע זענען אויפגעבויט געווארן פאר די געלטער פון "דזשאינט" און אנדערע יידישע אויסלענדישע ארגאניזאציעס, דעסגלייכן די יידישע קאאפעראטיוון, וועלכע זענען אויפגעשטעלט געווארן פאר די זעלבע געלטער, האט מען "אויפגעהויבן" צו דער מדרגה פון אלגעמיינע הייזער און אלגעמיינע קאאפעראטיוון, איבערענטפערנדיק זיי דער סאציאליסטישער מאכט.

אבער אויך די יידן, וועלכע האבן אפגעגעבן זייער גאנצע צייט, ענערגיע און פעיקייטן אויסשליסלעך דעם פוילישן פאלק, און אפילו די וואס האבן ארויפגעצויגן אויף זיך פוילישע נעמען, פוילישע פנימער און פוילישע תנועות, כדי מען זאל אפילו זייער אפשטאם נישט דערקענען — אויך זיי זענען נישט געווארן געשוינט אין יום־הדין. דער פוילישער גייסט באוואפנט מיט דער מארקסיסטישער דיאלעקטיק האט דערזען אויף די הויכע אמטן, אויף וועלכע זיי האבן זיך געפונען, זייערע אינערלעכע כוונות צו פארקויפן פוילן די ציוניסטן און באצייטנס אפגעראטעוועט דאס פאטערלאנד.

דאס זענען טראגישע פאקטן, סיי פאר די, וואס זענען דורך די פאקטן געווארן געטראפן, סיי פאר די וואס האבן די פאקטן געשאפן, ליקווידירנדיק דערמיט אין דער ערשטער ריי זיך אליין.

אבער ווי א געשיכטלעכע דערפארונג זענען זיי באלערנדיק און טראגן אין זיך א ווייטגייענדיקן מוסר־השכל, וואס צווינגט פיל זיך צו פארטראכטן פונסניי איבער די וועזנטלעכסטע פראבלעמען פון דער יידישער עקזיסטענץ.

ק. סעגאל

# יידישע מחברים אין דער פוילישער מאדערנער ליטעראטור

דאס יידישע לעבן אין פוילן איז נאך דעם 1967 יאר אריין אין א פאזע פון גיכער, קינסטלעך דורך דער מלוכה און דורך דעם אנטיסעמיטישן פארטיי־קורס צוגעאיילטער, ליקווידאציע. דער דאזיקער אנטיסעמיטישער קורס, וועלכער האט זיך צוערשט שעמעוודיק פארשטעלט און באווארנט מיט א שלייער פון מכלומרשטן אידעאלאגישן קאמף בלויז קעגן ציוניזם, האט זיך גאַר גיך דעמאסקירט און אנגענומען אן אפענעם כאראקטער פון א גענעראלער "רייניקונג" אויף אלע געביטן פון ווירטשאפטלעכן, פאליטישן און קולטור־רעלן לעבן: "באפרייען זיך פון פרעמדע איינפלוסן, באפרייען זיך פון פרעמדע ווערטן." — אזא איז געווען די לאָזונג, גענויער געזאגט: איינע פון די לאזונגען מיט וועלכע עס האבן זיך באנוצט די אידעאָלאָגן און אנפירער פון דער הערשנדיקער פארטיי אין פוילן. זיי זענען געווען איבערצייגט, אז באנוצן זיך מיט דער דאזיקער לאזונג וועט זיין ווירקזאמער, ווי צו רעדן וועגן ציוניזם, ווייל זייער א קליינע צאל פון די פוילישע בירגער, פון דער פוילישער געזעלשאפט האט געוווסט וואס עס איז ציוניזם. זיי האבן געהאפט, אז אויב מען וועט רעדן וועגן פ ר ע מ ד ע איינפלוסן — און זיין וועט עס דאך במילא קלאר, אז מען רעדט וועגן יידן — וועט זיך אזא לאזונג אננעמען ביי א גרויסן חלק פון דער פאטריאטיש געשטימטער באפעלקערונג.

און כאטש א גרויסער טייל פון דער פוילישער געזעלשאפט, ספעציעל די אינטעלעקטואלן האבן זיך געשעמט פאר דער דאזיקער פראפאגאנדע, זענען דאך אפילו אויפן געביט פון ליטעראטור און קונסט פובליצירט געווארן אפהאנדלונגען, אין וועלכע די מענטשן פון גאמולקאס און מאטשארס רעזשים האבן נישט נאר קאמפראמיטירט דעם גוטן שם פון א שרייבער, נאר אויך געגרייכט צו פאראדאקסאלע דערקלערונגען און באהויפטונגען, וועלכע זענען נישט געווען אנגעמבאר פאר קיין שום ערלעכן איטעליגענטן פּאָליאק. (די באמערקונגען וועגן דער אנטי־יידישער פראפאגאנדע באגרענעץ איך דא בלויז צו די ענינים, וואס זענען פארבונדן מיט ליטעראטור. אויף אנדערע געביטן פון געזעלשאפטלעכן לעבן, אין דער טעגלעכער און פאליטישער פרעסע איז די דאזיקע פראפאגאנדע געוועזן א ווולגארע און זי האט זיך באנוצט מיט מעטאדן און ארגומענטן נישט זעלטן איבערחזרטע פון היטלעריסטישן רעפערטואר).

אזוי האב איך צ. ב. אין איינעם פון די ליטעראַרישע זשורנאלן באגעגנט אין י. 1968 אן ארטיקל פון א יונגן קריטיקער, פארטרויונגס־מענטש פון דער פארטיי אין דעם פוילישן שרייבער־פארבאנד, אין וועלכן דער מחבר האט דערקלערט, אז נישט געקוקט אויף דעם גרויסן שם, וואס יוליאן ט ו ו י ם האט זיך דערווארבן, איז דאך זיין שאפונג א פרעמדע פאר דעם פוילישן פאלק, פרעמד אין נאציאנאלן זין, ווייט פון דער נאציאנאלער טראדיציע אא״ו.

די דאזיקע טעזע פון "נאציאנאלן מומחה" האט זיך אבער נישט איבערחזרט אין קיין שום אנדערע פאבליקאציעס און ביי קיין שום אנדערן ליטעראטור־קריטיקער. זי האט זיך נישט געקאנט אננעמען, ווייל דער ליגנט וואס האט אין איר געשטעקט, איז געווען צופיל בולט נישט נאר פאר די פראפעסיאנעלע שרייבער, נאר אויך פאר דעם דורכשניטלעכן פוילישן לייענער. טווים איז געווען אין זיין שפראך און אין זיין דמיון און, פארשטייט זיך, אויך אין זיין אינהאלט דורכויס פויליש. זיין שאפונג איז א מוסטער פון פוילישער מאדערנער פאעזיע, מען קען זאגן: אן אידעאל פון פאעטיק. דערביי איז ער, יוליאן טווים, געווען א זעלטענען קענער פון דער אלט־פוילישער פילאלאגיע און פון פאלקלאר. א קענער פון דער אלט־פוילישער דיכטונג, איז ער געווען איינער פון אירע באנייער אין זין פון ווארט און פארם און אין זין פון וואָרט־שעפערישקייט.

די טעאריע וועגן דער מכלומרשטער פרעמדקייט פון טווימס פּאָעזיע אין דער פוילישער ליטעראטור (אויך פון אנטאני ס ל א נ י מ ס ק י ס שאפונג) איז אבער נישט גאנץ ניי. מיט כמעט פערציק יאר צוריק, ד. ה. פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה האבן אויך די ענדעקישע צייטונגען אטאקירט די דאזיקע צוויי יידיש־אפשטאמיקע דיכטער פאר זייערע ליבעראלע ארויסטרעטונגען און פאר זייער יידישן אפשטאם — און באנוצט האבן זיי זיך מיט דער זעלבער ארגומענטאציע פון פ ר ע מ ד ע ע ל ע מ ע נ ט ן. אזוי צום ביישפיל האט איינער פון די אטאקירנדיקע געפרווט באוויזן, אז טווים האט ליב אין זיין מעטאפאריק צו באניצן זיך מיט אזעלכע ווערטער ווי "ג א ל ד", "זילבער", "איידלשטיינער" — ווייל ער איז דאך א ייד און יידן האבן ליב גאלד...

נישט געקוקט אויף אזעלכע און ענלעכע אטאקעס פאר דעם 1939 י. און נאך דעם 1967 י. איז דאך יוליאן טווים

פארבליבן אין דער ערשטער ריי פון די פוילישע נאציאָ־נאלע פּאעטן. די קינסטלערישע ווערטן פון זיין שאפונג זענען נאך אלץ אין דער פוילישער מאדערנער פּאעזיע די גרעסטע, און זיינע ביכער זענען פיל מער פּאפּולער ווי די ביכער פון זיינע קאלעגן נישט־יידן.

אבער די טעזע וועגן דער מכלומרשטער פרעמדקייט פון טווימס פּאעזיע אין דער פוילישער ליטעראטור, פארלאנגט מען זאל איר ווידמען נאך א פּאר ווערטער אויפן דאָזיקן אָרט. וועגן דער דאָזיקער פרעמדקייט איז מיר אויסגעקומען צו הערן אויך אין ישראל א פּאר פּאראלגעמיינערונגען, וועלכע זענען געווען אזוי פארמולירט, אז זיי קענען אריינברענגען דעם יידישן לייענער אין א מיספארשטענ־דעניש, אין א טעות.

אויף איינער א ליטעראַרישער סעודה אין ירושלים האָט מען גערעדט וועגן יידישע מחברים אין דער היינטיקער פוילישער ליטעראטור און איינער פון די אנטיילנעמער האָט ארויסגעזאָגט א מיינונג, אז אויב די יידיש־אפּשטאַ־מיקע מחברים אין דער פוילישער ליטעראטור האבן ביים



יוליאַן טווים

פוילישן לייענער דאס הייסט ביי דער פוילישער געזעל־שאפט נושא־חן געווען און דעראבערט זיך א שם, געווארן פּאפּולער — איז עס נאר דערפאר, ווייל זיי האבן אַריינגע־בראכט אין דער פוילישער ליטעראטור דעם עלעמענט פון פרעמדקייט און עקזאָטיק, זיי האבן אזוי צו זאגן פארפּוי־לישט דעם יידישן אופן פון דענקען, פון שרייבן, פון רעדן, פון לאכן און וויינען א"וו. און דער דאזיקער פרעמדער אופן און פרעמדער שטייגער האט געוועקט פאראינטערע־סירונג ביים פוילישן לייענער. דאס האט געזאלט זיין די סיבה, אז די יידישע מחברים זענען אין דער פוילישער ליטעראטור געווען טאלערירט, צי אפילו אנערקענט.

די דאזיקע טעזע איז גענוג פאראדאקסאל בכדי נישט צו דיסקוטירן וועגן איר. פונקט אזוי פאראדאקסאל וואלט געווען צו דערקלערן, אז אַפּאָלינער איז דערפאר געווען אנטדעקעריש אין דער פראנצויזישער ליטעראטור און קאָנ־ראַד אין דער ענגלישער, ווייל זיי האבן אריינגעבראכט פרעמדע, פוילישע עלעמענטן — איינער אין דער פראנצוי־זישער דיכטונג, דער צווייטער אין דער ענגלישער פּראָזע.

אויב עס גייט וועגן דער מאדערנער פוילישער פּאעזיע נאך און אויך פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה, וויל איך דערמאנען, אז צווישן צענדליקער אנגעזענע פּאעטן פון דער דאזיקער עפּאכע, זענען צוממייסטן געווען פויליש אין זין פון דער נאציאנאלער שפּראך דווקא יוליאן טווים און באלעסלאוו לעשמיאן.

לעשמיאנס דיכטונג איז אזוי פויליש, אז זי איז פשוט נישט צום איבערזעצן אויף אנדערע שפּראכן, אפילו נישט אויף די אנדערע סלאווישע שפּראכן. לעשמיאן האט באוויזן צו טאָן מיט דער פוילישער שפּראך דאס זעלבע, וואס עס טוען מיט דער בויגעוודיקער דייטשישער שפּראך די דייטשע פּאעטן: שאפן נייע באגריפן, גרייכן צום סאמע קוואל פון דער שפּראך, מאדערניזירן דעם אלטן פאלקס־טימלעכן ווערבאלן אוצר, צוזאמענשמעלצן אים מיט דעם היינטיקן לעקסיקאן. דאס פוילישע ווארט איז ביי לעש־מיאנען געווארן בייגיק, עלאסטיש, מאלעריש און פארביק. עס האט עס נישט באוויזן צו טאן קיין שום אנדערער פוילישער דיכטער פאר אים און אויך נישט נאך אים.

אויב די יידישע מחברים האבן זיך דערוואָרבן אן אָרט און בכלל א בכבודיק אָרט אין דער פוילישער ליטעראַ־טור, איז עס נישט צוליב דער מכלומרשטער אנדערש־קייט — ווייל אנדערש פון יעדן אנדערן איז און דאַרף זיין יעדער שרייבער אין יעדער שרייבערישער סביבה אויף דער וועלט און אין יעדער שפּראך, מיט וועלכער ער באנוצט זיך.

אנדערש פון אנדערע דאַרף זיין יעדע פען, וואס נעמט זיך שאפן ליטעראַטור. לאמיר־זשע נישט קאמפּליצירן דאס, וואס ס'איז פשוט: די יידן אין דער פוילישער לי־טעראַטור האבן זיך דעראבערט אן אָרט נישט צוליב דעם, אז זיי טראכטן אדער שרייבן אויף א פרעמדן אופן, נאר צוליב די קינסטלערישע ווערטן פון זייערע ביכער.

בכדי ס'זאל נישט זיין קיין מיספארשטענדעניש, באנוץ איך זיך מיטן באגריף פון א יידישן מחבר אין דער פוילישער ליטעראַטור — ווייל עס איז פאראן נישט נאר א ווערבאלער, נאר אן עיקרדיקער אונטערשייד צווי־שן יידישן שרייבער און יידישן מחבר, וועלכער באטייליקט זיך אין שאפן פון ליטעראַרישע ווערטן אין א פרעמדער נישט נאציאנאלער שפּראך. א יידישער שרייבער שרייבט אין איינער אדער אין בידע פון זיינע נאציאנאלע לשו־נות: יידיש, העברעיש. דעם יידן וועלכער שרייבט אין אן

אנדער שפראך וועלן מיר דא אנרופן מיטן באגריף "יידישער מחבר".

נאך דער דאזיקער באמערקונג פארבלייבט אונדז בלויז נאך אויפצוקלערן, ווער עס איז א יידישער מחבר אין דער דאזיקער פרעמדער שפראך — אין געגעבענעם פאל אין פויליש. אנדערש געזאגט: מי ומי יהודי? וועלכן שרייבער אין דער פוילישער ליטעראטור זאלן מיר באטראכטן פאר א ייד? יעדן, וואס איז געבוירן א ייד, דאס הייסט פון יידישע עלטערן? צי בלויז דעם, וואס האלט זיך פאר א ייד, אדער סאלידאריזירט זיך מיט דעם יידישן פאלק, דעמלט ווען דאס דאזיקע פאלק שטייט פאר א נסיון, אזוי ווי עס האט געטאן יוליאן טוווים אין דער צייט פון מלחמה, ווען דאס יידישע פאלק אין אייראפע איז געווען אין געפאר, אין פארפאלגונג, אין אומקום.

איז אבער פאראן א פאל אן ענלעכער און גלייכצייטיק א דורכויס אנדערער: אנטאני סלאנימסקי, דער זון פון א משומד, דער ניהיליסט, וועלכער איז שוין אליין געבוירן געווארן אלס פאליאק, אלס קריסט — אבער האט זיך קיינמאל פאר א קריסט נישט געהאלטן. דער זעלבער סלאנימסקי, וועלכער האט מיט פיל הארציקייט געשריבן וועגן דער יידישער גאס, אבער ביי די פוילישע יידן און ספעציעל ביי די יידן אין ווארשע איז ער תמיד געווען דער גוי, כאטש אין דער זעלבער צייט האבן אים די פוילישע רעאקציאנערע קרייזן געהאלטן פאר א ייד.

דאס האט מען וועגן סלאנימסקין דערציילט דעם כאראקטעריסטישן אנעקדאט, אז ווען ער איז צוגעגאנגען צו א יידישן צייטונג־פארקויפער און האט ביי אים פארלאנגט דעם "נאש פשעגלאנד" (א יידישע צייטונג אין דער פוילישער שפראך), האט דער ייד אויף אים א קוק געטאן און דערקענענדיק סלאנימסקין האט ער געזאגט: "דאס איז נישט אייער פשעגלאנד, דאס איז אונדזער פשעגלאנד." האט זיך סלאנימסקי געזאלט באליידיקן און איז צוגעגאנגען צו א קריסטלעכן צייטונג־פארקויפער און האט פארלאנגט: "גיב מיר דעם וואש פשעגלאנד". האט דער קריסט דערקאנט סלאנימסקין און האט געענטפערט: "ס'איז נישט אונדזער פשעגלאנד, ס'איז אייער יידישער פשעגלאנד"...

ביי אלע אטאקעס אויף סלאנימסקין מצד די רעאקציאנערע קרייזן, סיי פאר דער מלחמה סיי אין סאציאליסטישן פוילן, האט ער ביי פיל געלעגנהייטן אונטערגעשטראכן — און ער טוט עס ביז היינט — אז ער איז זעליק סלאנימסקיס, דעם באקאנטן תלמיד־חכמס אייניקל. זיינע דעקלאראציעס וועגן זיין נאציאנאלער צוגעהעריקייט אדער וועגן זיין רעליגיעזן לאיציזם, האבן תמיד דעם וועלטלעכן כאראקטער: סלאנימסקי דער אייראפייער, נישט קיין ייד, כאטש פון א רבנישער משפחה און נישט קיין קריסט, כאטש א זון פון משומד.

ליריש אין דער דיכטונג, ליבעראל אין די אנשוויונגען, סארקאסטיש און איראניש אין זיין פובליציסטיק, איז ער תמיד געווען דער אַנפאַן טעריבל פון דער פוילישער ליטעראטור. דער, וואס שטייט אנטקעגן דער גאנצער וועלט: קעגן דעם פוילישן בורזשואזן רעזשים פאר דער מלחמה, קעגן דעם באלשעוויזם, קעגן דעם פוילישן טראדיציאנעלן און מאדערנעם אנטיסעמיטיזם, אבער אויך קעגן דעם וואס איז קאנסערוואטיוו אדער פארקריפלט ביי די יידן. ער איז קעגן דער פוילישער פאליטישער עמיגראציע נאך דער מלחמה, ווייל די דאזיקע קרייזן זענען אין דער מערהייט רעאקציאנער. ער איז אבער נישט קיין אנהענגער פון דער פאלקס־דעמאקראטיע און פארשאפט זיך א פארביסענעם שונא אין דער פערזאן פון וולאדיסלאוו גאמולקא, וועלכער מאכט נישט קיין סוד פון זיין האס צו סלאנימסקין און באזייטיקט אים כמעט אויף אן אדמיניסטראטיוון אופן פון דער פאַרזיצערשאפט אין פוילישן ליטעראטן־פארבאנד.

ווער־זשע איז סלאנימסקי? א ייד צי א גוי?

אין איינער פון זיינע דערציילונגען (דרך אגב דארף מען דא זאגן, אז ער באנוצט זיך זייער זעלטן מיט בעלעטריסטיק) שילדערט ער אויף איראנישן סארקאסטישן אופן א מעשה וועגן א ווארשעווער יידישן שניידער, ביי וועלכן עס איז געשען א נס. א מלאך פון הימל איז אראפגעקומען בכדי צו ראטעווען אים פון די גוישע הענט — די זאך קומט פאר אין עטלעכע און צוואנציק יאר נאך דער מלחמה און דער נס איז א גראַטעסקאַלער: דער שניידער האט קאליע געמאכט א פאר הויזן, וועלכע עס האט ביי אים באשטעלט איינער א גרויסער אקטיאר, צו דער פרעמיערע פון א פארשטעלונג, וועלכע דארף פארקומען אין עטלעכע שעה ארום. דער אקטיאר איז א כעסן און וועט דעם שניידער הרגענען. און גאט האט דערהערט דעם שניידערס תפילה און דעם שניידערס פחד און האט געשיקט א שליח פון הימל, וועלכער האט די הויזן פארראכטן און דער שניידער איז ארויס מיטן לעבן פון נסיון.

און סלאנימסקי פרעגט זיך מיט די ווערטער פון דעם יידישן בעל־מלאכה: ס'טייטש, צוליב א פאר גוישע הויזן האט זיך מטריח געווען א מלאך פון הימל, און ווו איז געווען דער דאזיקער מלאך, ווען זעקס מיליאן יידן האט מען אומגעבראכט אין דעם דייטשן גהינום?

ווער פון די יידישע מחברים אין פוילן איז א ייד? נישט תמיד איז די שאלה א פשוטע און נישט תמיד איז פשוט אויף איר צו ענטפערן; ווי אזוי דארף מען דא באהאנדלען דעם טאלאנטירטן און אנגעזעענעם דיכטער, דראמאטורג און פראזאיקער ראמאן בראנדשטעטער, וועלכער איז געווען א ייד און איצט איז ער א פרומער קאטאליקער? דער זעלבער בראנדשטעטער, וועלכער איז געווען א מיטארבעטער פון דער פראגרעסיווער ליטעראַרישער פרעסע אין פוילן פאר דער מלחמה. און וועמענס פיעסע מען האט נאך אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אויפגעפירט אויף דער בינע אין ארץ ישראל, ווו ער האט זיך געפינען אין די רייען פון דער פוילישער ארמיי פון גענעראל אנדערס.

בראנדשטעטער איז היינט א דעקלארירטער קריסט און די טעמאטיק פון זיין שאפונג איז א יידיש־קריסטלעכע. פונקט ווי דער דייטש ראלף האכהוט, האט אויך ראמאן בראנדשטעטער אנגעשריבן א פיעסע געווידמעט דער ראל פון קריסטנטום אין דער צייט ווען מען האט געהרגעט יידן. אבער להיפך צו האכהוט, וועלכער באשולדיקט די קריסטלעכע וועלט מיט דעם דעמאלטדיקן פויפסט פאולוס

דעם צוועלפטן, איז ביי בראנדשטעטערן דער סך הכל פון די דאזיקע חשבונות א פאזיטיווער, א גינסטיקער פאר דעם קריסטנטום. בראנדשטעטער ברענגט ארויס דאס מסירות־נפש פון דעם קריסטלעכן גלח, וועלכער גייט ארויס פון קאנפליקט "יידן, דייטשן, קריסטן" א זיגער, ער דער־פילט זיין פליכט לגבי דעם פארפאלגטן יידן, כאטש ער ווייסט, אז ער וועט מוזן באצאלן מיטן אייגענעם לעבן. ער ראטעוועט דעם כבוד פון דער קריסטלעכער לערע וועגן פעלקער־ליבע.

בראנדשטעטער דער קריסט איז אויך דער מחבר פון א דריי־בענדיק ווערק, געווידמעט דעם לעבן פון ישו הנוצרי — דאס דאזיקע בוך איז אנגעשפיקעוועט מיט גאנצע זייט־לעך העברעישע מאקאראניזמען.

שרייב איך דא וועגן דער דערשיינונג "בראנדשטעטער" דרך אגב, פונקט ווי דרך אגב קומט מיר אויס צו דערמא־נען אן אנדערן מחבר, וועלכער האט אן ענלעכע ביאגרא־פיע: מיעטשיסלאוו ראמאן פרענקעל. פאר דער מלחמה איז ער געווען איינער פון די מיטארבעטער אין די בארימ־טע "וויאדאמאשטשי ליטעראצקיע" — א צייטונג, וועלכע איז געווען אן ארגאן פון דעם פוילישן ליבעראלן געדאנק. עס פארלאנגט זיך דא צו דערמאנען מ. ר. פרענקלען, כאטשבי צוליב זיין בוך "דער בלינדער פאסאזשיר", וועלכער איז דערשינען אין די פופציקער יארן און האט געמאכט א גרויסן און נעגאטיוון רושם ביי די פוילישע לייענער. פרענקעל האט דא באשולדיקט נישט נאר די פוילישע "שמאלצאווניקעס", וועלכע האבן פארקויפט דעם פארהאלטענעם ייד פאר א קילא שמאלץ צי פאר א קילא צוקער — ער באשולדיקט די גאנצע פוילישע געזעלשאפט פאר איר גלייכגילטיקייט, פאר איר פאסיווקייט. ער באשול־דיקט די אלע, וועלכע האבן דעם יידן קיין שלעכטס נישט געטאן, אבער — אויך נישט קיין גוטס.

פאר דעם פראזעליט מ. ר. פרענקעל איז די מלחמה דערפארונג געווארן א סטימול צום אומקערן זיך צו דער יידישקייט — אפשר נישט אין רעליגיעזן זין פון ווארט, נאר אין אלע אנדערע הינזיכטן. אין די פופציקער יאָרן איז ער נאך ארויסגעטראָטן אויף יידישע ליטעראַרישע אַוונטן און גערעדט צום יידישן עולם יידיש, וועגן שלום־עליכמען און בכלל וועגן דער יידישער ליטעראטור.



צו די דאזיקע ליטעראַרישע ווערק, וועלכע האבן נאך דער צווייטער וועלט־מלחמה דערגרייכט א גאר גרויסן דערפאלג אין פוילן, געהערן די "צימרינג־קראַמען" פון ברונאָ שולץ.

ער אליין האט שוין דעם דאזיקן דערפאלג נישט דער־לעבט. ער איז אומגעקומען אין דראהאביטש אין יאר 1942. עס זענען באקאנט געוויסע פרטים וועגן זיין טויט. א דייטשער אפיצער, וועלכער האט געהאט סענטימענט פאר ברונא שולץ אלס פלאסטיקער (שולץ איז אויך געווען א מאלער און האט געלערנט מאלעריי אין דער דראהאבי־טשער מיטעלער שול; ער האט אויך איבערגעלאזט נאך זיך א קאלעקציע אינטערעסאנטע צייכענונגען, וועלכע דערמאנען א ביסל די בארימטע סעריע "קאַפּריטשיאָס" פון פראנטשעסקא גאָיאַ) האט אים אין משך פון א געווי־סער צייט באשיצט, נישט דערלויבט אים ארויסצושיקן אין לאגער. אין א געוויסן טאג האט דער זעלבער דייטש דערהרגעט אן אנדערן ייד, וועלכער איז געווען באשוצט דורך אן אנדערן דייטש. און דא איז מקוים געווארן דאס אמאליקע טראגישע שפריכווארט: דו האסט געהרגעט מיין ייד, וועל איך הרגענען דיין ייד. ברונא שולץ איז דער־שאסן געווארן — אזא איז געווען דער נקמה־אקט פון איין דייטש קעגן דעם צווייטן.

פארוואס איז די פאראינטערעסירונג צו די שאפונגען פון ברונא שולץ געקומען אזוי שפעט? עס האט דא פאסירט אן ענלעכע זאך ווי מיט דעם ווערק פון דזשעמס דזשאָיס "אוליסעס", אדער ווי מיט דער ליטערארישער ירו־שה פון פראנץ קאפקא. אויך די דאזיקע צוויי מחברים און אויך ברונא שולץ זענען מיט זייערע שאפונגען ארויס פון דער ליטערארישער מאניערע פון זייער צייט. עס זענען געווען ווערק, וועלכע האבן געהאט א ווירקונג אויפן אינהאלט און אויף דער געשטאלט פון דער צוקונפטיקער ליטעראטור, און עס האט געמוזט דויערן א פּאָר יאָרצענדליקער ביז זיי זענען דערקענט און אנערקענט געווארן אויף דער וועלט. איך מיין דא — דאס אוועקגיין פון דעם רעאליס־טישן אופן פון שילדערן. אין די דרייסיקער יאָרן איז עס געווען נישט אננעמבאר פאר דעם לייענער און אלגעמיין גענומען אויך נישט אננעמבאר פאר דער קריטיק.

ברונא שולץ שאפט אין זיין פראזע א שארפע קא־



ברונאָ שולץ

ריקאטור פון דער ווירקלעכקייט, פארגרעסערט דאס לעכערלעכע און נעגאטיווע, ווייזט דעם מום דורך א פארגרעסערונג־גלאז. אזא איז זיין שרייבן, אזעלכע זענען זיינע צייכענונגען, פארטרעטן פון מענטשן מיט גרויסע קעפּ און קליינינקע קערפּערס, אדער פארקערט. ער, דער יידישער אינטעלעקטואל מיטן קינסטלערישן דמיון, דער איינוווינער פון דער גאליציאנער פּראווינץ, זעט זיין קליינבירגערלעכע אומגעבונג אין א קרומען שפּיגל: די יידישע שטאט מיט מענטשן פארלוירענע אין א תוהו־ובוהו, מיט מענטשן בענקנדיקע, בלאנדזשענדיקע, טרוימענדיקע, פארליבטע אין דמיונות, ארומגעהילטע אין א נעפּל פון משוגעת, אדער פון אומהיילבארן אינפאנטיליזם. דאס האט שוין גארנישט צו טאן מיט רעאליזם. דאס איז א וועלט פון מאשקעראַנען, א וועלט פון מענטשן ערנסטע וועלכע פירן זיך אויף ווי קינדער, אדער א וועלט פון משוגעים וועלכע פּרוון זיך אויפפירן ווי נארמאלע מענטשן. ביז אין א געוויסן טאג קומט א שטארקער ווינט און טראגט עמיצן פון זיי אוועק צוזאמען מיטן הארבסטיקן בלעטערפאל — ערגעץ ווייט און הויך, ביז ער ווערט פארשוואונדן אין חלל.

טריב זענען זיי, די דערציילונגען און די העלדן פון ברונא שולץ און די דאזיקע פינצטערע טריבקייט מאכט זיי ענלעך צו דער ליטעראטור פון פראנץ קאפקא. אנדערש זענען זיי — און דאך איז פאראן אין זיי די בשותפותדיקע טריבע אטמאספער פון צוויי מחברים, וועמענס ביאגראפיעס זענען אין געוויסע פרטים ענלעך. ביידע זענען זיי געווען יידן און ביידע האבן זיי געשטאמט פון דער זעלבער פראַנץ יוספס אימפעריע. כדאי צו דערמאנען, אז שולץ איז געווען דער ערשטער איבערזעצער פון פראנץ קאפקא אויף פויליש. ער האט נעמלעך איבערזעצט אויף פויליש דעם ראַמאן „פּראָצעס".

די שאפונגען פון ברונא שולץ זענען סוררעאליסטיש — אין פרטים, אין איינצלהייטן האט מען דעם איינדרוק, אז די באזונדערע געשטאלטן זענען רעאל, אבער ווען מיר זעען זיי אין לעבן און אין ווירקן, אין זייער דענקען, איז עס אן אקציע וואס קומט פאר ווי אין אַ וויסטן חלום, אין אן אומעטיקן חלום. דאס אוממעגלעכע און נישט לאגישע פארפלעכט זיך מיט דעם ווירקלעכן — דאס וואס האט זיך מיט עטלעכע יארצענדליקער שפּעטער אנגענומען אין דער וועלט־ליטעראטור און אין מאלעריי. און אין דעם שטעקט דאס פרעקורסארישע פון ברונא שולצס שרייבן. מיט זיינע עטלעכע הונדערט זייטלעך, וואס ער האט אנגעשריבן, האט ער פארנומען אן אנגעזעען ארט צווישן יענע מחברים, וועלכע האבן — באנוצנדיק זיך מיט די ווערטער פון הישפּאנישן שרייבער מיגועל דע אונאַמונא — אנגעהויבן דעם פּראצעס פון דעסטרוקציע, פון צעשמעטערן די קלאסישע פארם פון א ראמאן, פון א דערציילונג, צי פון א נאוועלע.

די פאַרשער, די ביאגראפן און קריטיקער פון ברונא שולץ שטעלן זיך אפּ אויף זיין כאראקטעריסטיק, זוכנדיק אין איר די גרענעצן פון אזא און נישט אנדערער שאפונג זיינער. ער איז געווען א מענטש אן איינזאמער, א שעמעוודיקער און פארמאכטער, מיט פיל קאמפּלעקסן לגבי פרויען, צו וועלכע ער האט זיך זעלטן דערנענטערט. די



סטאניסלאוו וויגאַדזקי

וואס האבן אים געקאנט, דערציילן אז ער האט תמיד געמאכט דעם איינדרוק פון א מענטשן, וועלכער לעבט פון אן אומפארשטענדלעכן צופאל גראד דא און נישט ערגעץ אנדערש. און דווקא אין דער דאזיקער און נישט אין אן אנדער צייט.

א גרויסן צושטייער צו דער היינטצייטיקער פוילישער ליטעראטור בילדן די לידער און די פּראזע פון סטאניסלאוו וויגאדזקי. געבוירן אין י. 1907 האט ער אין די דרייסיקער יארן דעביוטירט מיט א באנד לידער ארויסגעגעבענע אין מאסקווע. ער איז אין יענער צייט געווען אן אקטיוויסט פון דער פוילישער קאמוניסטישער פארטיי, געווען פארפאלגט דורך דער פוילישער פאליציי און געזעסן אין תפיסה.

די לידער־זאמלונגען און נאוועלן, וועלכע ער האט נאך דער מלחמה געשריבן, זענען געווידמעט הויפּטזעכלעך דער יידישער אקופּאציע־טעמאטיק, און דווקא האבן די דאזיקע ווערק געשאפן אים א גרויסע פּאפּולערקייט אין פוילן. נישט געקוקט דערויף, אז וויגאדזקי האט זיך נישט געהאַלטן ביים שאַבלאָן, וועלכן עס האט געפּרוווט אנווארפן דער דעמלט הערשנדיקער אין פוילן פּרינציפּ פון סאציאליסטישן רעאליזם. כ'מיין, אז עס וועט נישט שאדטן דא צו דערמאנען, וואס דער דאזיקער סאציאליסטישער רעאליזם האט פארלאנגט: פאַרשטעלן די ווירקלעכקייט מיט רעאליסטישע מיטלען, אבער נישט דווקא אזוי ווי

זי איז אין אמתן געווען, נאר אזוי ווי זי וואלט געדארפט זיין, ווען דאס ווירקן פון מענטשן וואלט געווען אין הסכם מיטן קאמוניסטישן פראגראם, מיטן קאמוניסטישן הומאניזם או"וו. די סאצ־רעאליסטן זענען ארויסגעגאנגען פון שטאנדפונקט, אז אזא אופן פון שילדערן וועט דערציען די מענטשהייט און מינדעסטנס דעם לייענער אין גייסט פון רעזשים־פראגראם. אזוי ארומעט איז פארמולירט געווארן א הכשר אויף פארפוצן די רעאלע ווירקלעכקייט, א הכשר — אויף ליגנט.

אין דער יידישער טעמאטיק, אין דער טעמאטיק פון דער אקופאציע־צייט, האט די סאצרעאליסטישע טענדענץ פארלאנגט פון שרייבער ארויסצוברענגען אין א נישט אמתדיקער פראפארץ די פאזיטיווע שטעלונג פון פוילישן פאלק לגבי די יידן, דערמאנען און שילדערן, אז פוילישע בירגער האבן געשיצט און געראטעוועט יידן, אז דאס פוילישע פאלק איז פון דער דאזיקער צייט ארויס מיט כבוד. אויב עס זענען פאראן געווען געשטאלטן נעגאטיווע אין יענער צייט, איז זייער שלעכטער טאט געווען פארבונדן מיט זייער קלאסן־אפשטאם, זיי זענען מסתמא געווען קליינבירגער אדער האבן געהערט צו די באזיצנדיקע קלאסן.

פון וויגאדזקיס רייכער שאפונג איז געדרינגען, אז ער האט דעם סאצ־רעאליסטישן פראגראם אין דער יידישער טעמאטיק נישט אקצעפטירט. די יידישע העלדן זיינע, פארלוירענע און איינזאמע אין דער שעה פון גרויסן נסיון, הילפלאזע — אזעלכע זענען זיי. וויגאדזקי מאכט אין זייער נאמען א דין וחשבון מיט די דייטשן — און אויך מיטן פוילישן פאלק, און אויך מיט דער גאנצער וועלט.

וויגאדזקיס רעאליזם איז אין דעם פאל געווען אן ערלעכער אן אויספארשונג־רעכטער. אט זענען די פאקטן, אזא אין פון א ריכטער, אדער גענויער געזאגט — אין דער ראָל פון אן אויספארשונג־ריכטער. אט זענען די פאקטן, אזא איז געווען די מענטשלעכע אכזריות, אזא איז געווען די מענטשלעכע גלייכגילטיקייט, אזעלכע זענען געווען די נעוטראלע "מיט ריינע הענט", וואס האבן קיינעם נישט געטאן קיין שלעכטס — אבער אויך קיין גוטס האבן זיי קיינעם נישט געטאן. אזעלכע זענען די באווייזן, און זאל די וועלט ארויסגעבן דעם אורטייל, אויב עס איז נאך פאראן אויף דער וועלט א מענטשלעך געוויסן.

און וויגאדזקי האלט, אז דאס מענטשלעכע געוויסן איז דאך יא פאראן און אז עס איז אויך געווען דעלמט, אין יענע פינצטערע צייטן. אויך דעמלט פלעגט מען טרעפן עמעצן, וואס האט געוואלט ראטעווען דעם כבוד פון דער וועלט און דעם כבוד פון פוילישן פאָלק, ווייל אפילו דייטשן זענען דאך געווען, כאטש זעלטן, וואס האבן געוואלט ראטעווען דעם כבוד פון דייטשן פאלק שטעלנדיק דאס אייגענע לעבן אין קאן בכדי צו ראטעווען א יידיש לעבן. איידער מען האט גענומען בויען די טויט־לאגערן פון אשוויענטשים און מיידאנעק, האט מען דאך שוין אפגעהאקט די קעפ פון די דייטשע אנטיפאשיסטן אין די שטעט און אין די לאגערן פון דריטן רייך.

וויגאדזקיס פאבולארע ראדיא־סצענארן און מאנאדראמעס זענען געווען פיל מאל טראנסמיטירט אין די ראדיא־ און טעלעוויזיע־פראגראמען, און כאטש זייער אמת איז אפטמאל געווען א ביטערער, האבן זיי געהאט א גרויסן און פאזיטיוון אפקלאנג אין דער פוילישער געזעלשאפט.

אזא איז געווען די הויפט־ריכטונג אין דער טעמאטיק פון וויגאדזקיס שאפונג. אין די פאעטישע שאפונגען דאמינירט דער עלעגישער טאן — דער יזכור, דער קדיש ביי די אויוונס פון מיידאנעק.

מען דארף נאך דא אפמערקן די איבערזעצערישע טעטיקייט פון וויגאדזקין. זיינע איבערזעצונגען פון שלום־עליכם, פון דוד בערגעלזאן, ווענדראף א"אנד.

נאך די אנטי־יידישע געשעענישן אין פוילן אין יאר 1967, איז וויגאדזקי געווען דער ערשטער שרייבער, וואס איז ארויסגעפארן קיין ישראל. דא האט ער ארויסגעגעבן צוו. אנד. דעם ראמאן "פארהאלטן צו דער אויספארשונג". דאס דאזיקע בוך איז געווען איינס פון די 40 ביכער, וועלכע זענען אין יאר 1957 קאנפיסקירט געווארן דורך דער ווארשעווער צענזור. דאס בוך איז ארויס אין ישראל אין דער איבערזעצונג אויף עברית, און כמעט גלייכצייטיק איז עס דערשינען אין דער אריגינעלער פוילישער ווערסיע אין פאריז, און אויך אין דער דייטשער איבערזעצונג אין דייטשלאנד.

"פארהאלטן צו דער אויספארשונג" איז א גרויסע באשולדיקונג קעגן דעם פאליצייאישן סיסטעם אין פוילן, קעגן דער טראגישער אוממענטשלעכער פראצעדור, וועלכע איז איבערגענומען געווארן בירושה נאך די סטאליניסטישע אינקוויזיטארן אין ראטנפארבאנד.

כמעט אין אלע ביכער פון יידישע מחברים אין פוילן קומט צום אויסדרוק די גרויזאמע איינזאמקייט פון ייד אין דער שעה פון גרויסן נסיון. איינזאמקייט — אין דארף און אין דער שטאט, צווישן אינטעלעקטואלן און צווישן דעם פשוטן המון. טיילמאל האט עמעצער געהאט מזל און אנגעטראפן א קריסט, וואס האט זיך פון דעם איינזאמען און פראסקריבירטן נישט אפגערוקט, נישט אנטלאפן פון אים, נאר להיפוך: דערלאנגט די האנט, געשטעלט זיך אויף דער זייט פון פארפאלגטן. דער וואס האט אזא פריינט אין יענע צייטן געפונען, דער איז געווען גליקלעך, דער קריסטלעכער פריינט איז געווען דער עדות, אז די וועלט איז נאך א וועלט, אז עס זענען נאך נישט אונטערגעגאנגען אלע מאראלע ווערטן פון מענטשלעכן מין. אבער נישט א יעדן איז אזא גליק געווען באשערט.

און אויב זיי זענען געווען אזוי זייער איינזאם, די פוילישע יידן — איז עס אפשר דערפאר, ווייל זיי זענען דא תמיד געווען פרעמד — קולטורעל פרעמד, געזעלשאפטלעך פרעמד, גלויביקע פון א פרעמדער רעליגיע? אפשר דערפאר, ווייל זיי האבן זיך נישט געקאנט, צי נישט געוואלט אסימילירן?

פאוועל הערץ האט אין זיי ראמאן "סעדאן" געגעבן א פסיכאלאגישן אנאליז דווקא פון יענע יידישע קרייזן אין פוילן, וועלכע האבן זיך יא אסימילירט, אדער זענען שוין געווען אסימילאנטן פון צווייטן צי פון דריטן דור. מען קאן אין זיין בוך געפינען טיפן פון משומדים פון יעדן באקאנטן זשאנר אין דער יידישער געשיכטע. מענטשן וואס

אנטלויפן פאר יעדן רמז וועגן זייער יידישער אפשטאמונג. משומדים און אסימילאנטן מיט גרויסע פארדינסטן פאר דעם פוילישן פאלק און פאר דעם פוילישן לאנד. און אויך אנדערע משומדים, אזעלכע וואס עס איז אין זיי פארבליבן א פונק פון סענטימענט פאר יידן. און אויך אזעלכע וואס האבן מיט שטאלץ געטראגן דעם טיטל פון באראָן, וועלכן זייערע זיידעס האבן מסתמא מיט גרויס מי און פאר א סך געלט דערווארבן אין פראנץ יוספס צייטן.

א טייל פון זיי האט געהערט צו די העכערע צען טויזנט אין דער פוילישער געזעלשאפט צווישן די יארן 1918—1939. און נישט אלע פון זיי האבן זיך גענומען צום הארצן די אנטי־יידישע געשעענישן פון די דרייסיקער יארן, די דעמאנסטראציעס פון דער פאשיסטישער יוגנט אונטער דער אנפירונג פון דעם טרויעריק בארימטן באלעסלאוו פיאסעצקי. נישט אלע פון די דאזיקע אסימילאנטן האבן זיך פארטראכט ערנסט וועגן דער אייגענער צוקונפט, הערנדיק וועגן די אוואנטורעס אויף די אוניווערסיטעטן, ווען מען האט די יידישע סטודענטן נישט אריינגעלאזט אין די לערנזאלן, אדער געצוווּנגען זיי, צו זעצן זיך אויף די לינקע זייט פון זאל. אבער אין א געוויסן טאג — אין א געוויסן טאג האט מען אויך זיי געגעבן צו דערפילן דעם טעם פון פארפאלגונג, און עס איז דעמלט קלאר געווארן, אז דער פאנצער פון אסימילאציע, וואס האט זיי ביז איצט געשיצט, איז נישט געווען אויס מעטאל, נאר אויס פאפיר, אויס שטרוי. איז אויב די פולע גייסטיקע און פארמעלא אסימילאציע העלפט נישט, אויב דער שמד האט נישט געהאלפן — וואס קאן יא העלפן? וואס קאן יא באשיצן דעם יידן — ווייל אט האבן מיר דאך באקומען דעם וויי־פולן באווייז, די וויי־פולע לעקציע, אז אנטקעגן זייער אייגענעם ווילן און אנטקעגן זייער אייגענער איבערצייגונג, זענען זיי פאַרט געבליבן יידן אין די אויגן פון פאשיסטן, און אפילו אויך אין די אויגן פון פוילישן אדל און פון פוילישן קליינבירגערטום.

עס דערנענטערט זיך דאס יאר 1939, דער טראגישער סעפטעמבער. די העלדן פון פאוועל הערצס ראמאן געפינען זיך אין א געזעלשאפט פון פוילישע פריצים — פריינט זענען דא אלע, די אסימילירטע, אדער געוועזענע יידן און אויך די פוילישע אדעליקע. און עס הייבט זיך אן די צייט פון נסיון. עס דערנעטערן זיך די דייטשן, זיי זענען שוין ביי דער פוילישער גרענעץ, זיי האבן שוין איבערגעטראטן די גרענעץ. ווער ס'לעבט אויף דער פוילישער ערד איז פול מיט אומרו און פחד. זיי, די אדעלע, טראכטן אריין, זיי זוכן א מאדוס וויוועגדי אויף דער נאענטער צוקונפט — אויך די דייטשן זענען דאך פריצים, זיי ווערלן זיך שוין פארשטענדיקן.

און פלוצים דערמאנען זיי זיך, אז עס זענען צווישן זיי פאראן אויך פריצים און אדליקע פון צווייטער קאטעגאריע: יידן. גייען די משומדים פון פאוועל הערצס ראמאן אנטקעגן דעם גרויסן געפאר און אנטקעגן זייער גורל איינזאם, מיטן געפיל פון מפלה. זיי לעבן אדורך זייער סעדאַן. (סעדאן איז א שטעטל אין פראנקרייך, ווו די פראנצויזן האבן געליטן זייער גרויסע מפלה פון דער דייטשער ארמיי אין יאר 1870).

ביים סוף פון די זעכציקער יארן איז דער ראמאן ”סעדאן” ווידער געווארן אקטועל צוליב דער אנטיסעמיטישער פראפאגאנדע פון די מלוכישע און פארטיי־קרייזן. באלעסלאוו פיאסעצקי, וועלכן מיר דערקענען אין הערצס ראמאן, ווען ער פירט אן מיט א סטודענטישער פאשיסטישער דעמאנסטראציע אין ווארשע אין די דרייסיקער יארן, פיאסעצקי וועלכער האט דעמלט געטראגן א ברוינעם מונדיר מיט א האקנקרייץ אויפן אָרעם, איז ביי גאמולקאס הערשאפט געווארן א פארטרויונגס־מאן פון דער רעגירונג און פון דער הערשנדיקער פוילישער ארבעטער־פארטיי. און די יידן, וואס האבן זיך מיט זייערע פאליטישע אנשויונגען אוועקגעשטעלט אויף דער אזוי גערופענער אינער־טערנאציאליסטישער, דאס הייסט אסימילאטארישער פאזיציע, האבן ווידער און נאָך א מאָל אדורכגעלבעט די זעלבע מפלה, וועלכע פאוועל הערץ האט באצייכנט מיטן נאמען ”סעדאן”.

מיט אן אנדערן אספעקט פון דער יידישער איינזאמקייט הייבט זיך אן דער ראמאן ”סאַמסאָן” פון קאזימיעזש ב ר א נ ד י ס.

דאס דאזיקע בוך, וואס איז אין משך פון עטלעכע און צוואנציק יאר דערשינען אין פוילן אין פיל אויפלאגעס, פארנעמט א רעפרעזענטאטיוו ארט צווישן די ליטערארישע ווערק, וואס שילדערן די יידישע טראגעדיע אין דער צייט פון אשוויענטשים. דאס בוך איז געשריבן דורך אַ שרייבער, וועלכער איז א מייסטער אין דער פוילישער שפראך, און געשריבן איז עס אזוי, אז קיין שום נישט־ייד וואלט עס נישט באוויזן. דער לייענער זאל מיך נישט שלעכט פארשטיין: מען מוז נישט זיין דווקא א ייד, בכדי צו שרייבן וועגן יידישן גורל. מען מוז נישט זיין דווקא א נעגער בכדי צו שילדערן די פראבלעמען פון די אפריקאנער פעלקער. אבער ביי דער גאנצער, אפילו צוממייסטן סובטעלער אינטואיציע פון א גוטן שרייבער, איז דאך אוממעגלעך ”פון דרויסן” צו שילדערן אויף אזא אופן די אלע ניואנסן פון יידישע ליידן, אנטוישונגען, האפענונגען, אלע ניואנסן פון פארצווייפלונג און דערוואַרטונג, אדער אין אנדערע סיטואציעס: די אלע ניואנסן פון יידישן גוטן ווילן, וועלכע זענען נישט אנגענומען געווארן. בראנדיס שילדערט דאס אלץ אין זיינע ראמאנען ”סאמסאן”, ”אנטיגאנא”, ”די אומבאזיגטע שטאט”.

די יידישע איינזאמקייט אין דער שעה פון אומקום איז ביי אים א המשך פון די שטימונגען אין די דרייסיקער יארן. זיין העלד איז איינזאם שוין א סך פריער, אפשר איז ער תמיד געווען איינזאם מיט זיין יידישן נאמען, מיט זיין סעמיטישן אויסזע, מיט זיינע שווארצע האר, מיט זיין יידישער ארעמער מאמע, וועלכע וויל אים דערציען און אויסבילדן אויף א דאקטער. א וואנט פון פרעמדקייט איז ארום אים, פון פרעמדקייט און גלייכגילטיקייט. ער איז א צעבראכענער מענטש נאך איידער די דייטשן זענען אריינגעקומען.

ס'וועקן זיך ביי דער דאזיקער אפשאצונג רעפלעקסיעס אויפן ראנד פון בוך: דווקא א שרייבער האט עס געהאלטן פאר נויטיק אונטערצושטרייכן אז די פסיכישע פרעדיס־

פאזיציע פון די פוילישע יידן איז געווען אן אפגעשוואכ־
טע, א שוין צעבראכענע פריער, בכדי צו קענען פאר־
טראגן זייער גורל אנדערש, ווי זיי האבן אים פאר־
טראגן. נאך מער: די ביאגראפיע פון בראנדיסעס העלד איז
אזא טראגישע שוין אין די יארן ביז 1939 אז מיר דער־
ווארטן נישט פון אים קיין שום קאמף, קיין ווידערשטאנד,
קיין שום העלדישקייט. און דאך — דאך וועט יעקב גאלד
קעמפן, איבער די אייגענע כוחות; ער וועט מיטרייסן
אנדערע צום קאמף און אנדערע וועלן אים מיטרייסן צום
קאמף, און ער וועט אין דאזיקן קאמף אומקומען אזוי ווי
שמשון הגיבור — ארומגערינגלט דורך די שונאים, וועט
ער באגיין זעלבסטמארד.

די טרילאגיע פון קאזימיעזש בראנדיס איז א ליטעראַ־
רישע כראניק פון דער אקופאציע־צייט אין פוילן. דער
גרויסער עפישער טאלאנט פון מחבר האט באוויזן צו
שאפן א ווערק, וואס איז אמתדיק און הומאניש. אויף אן
עפישן אופן נעמט עס ארום די גרויסע נאציאנאלע און
מענטשלעכע טראגעדיע, וואס האט זיך פאנאנדערגע־
שפילט אויף דער פוילישער ערד.

בראנדיס האט אין א ריי ראמאנען און אין זיין רייכער
ליטעראַרישער פובליציסטיק פארנומען זיך אויך מיט
אקטועלע כלל־פוילישע און אויך נאציאנאל־פוילישע עני־
נים. ער האט געשריבן א סך וועגן ווירטשאפטלעכע,
פאליטישע און קולטורעלע פראבלעמען פון היינטיקן
פוילן, און זיין קריטישער צוגאנג צו די נעגאטיווע
דערשיינונגען פון געזעלשאפטלעכן לעבן האָט אים
פארשאפט א סך סימפאטיע פון די לייענער און אויך א
ביסל שונאים צווישן די רעזשים־קריטיקער, פארטייאישע
אנפירער או״ו. אבער אויב ס'איז אמת, אז ביי יעדן
שרייבער אדער מינדעסטנס ביי א טייל פון זיי, רעכנט זיך
בלויז איין גרויס ווערק, איז עס ביי בראנדיסן די טרי־
לאגיע וועגן דער מלחמה־צייט. עס זענען אין די דאַ־
זיקע ביכער פאראן פשוט מייסטערהאפטע קאפּיטלען
געווידמעט דער יידישער מארטירערשאפט. קריטיקער האָבן
די דאזיקע קאפיטלען באצייכנט מיט אזעלכע מער ווייניקער
ווערטער: בראנדיסעס העלדן, פונקט ווי די אויפשטענדלער
פון ווארשעווער געטא, האבן געראטעוועט דעם יידישן כבוד.
כ'מיין אז ס'איז דא אין דער דאזיקער פארמולירונג פאר־
אן א גראבע באליידיקנדיקע מיספארשטענדעניש. נישט די
יידן האבן געדארפט דארט פארטיידיקן זייער כבוד,
ווייל דער יידישער כבוד איז נישט געווען באדראט.
באדראָט איז געווען דאס יידישע לעבן. דער סלאָגאן,
אז עס האבן געדארפט פארטיידיקן זייער כבוד די
אומשולדיק געמארדעטע, די הילפלאזע, צעבראכענע און
שוואכע, געטריבענע צום טויט — דער דאזיקער סלאגאן
איז א פארדריסלעכער. אין ווארשעווער געטא האבן זיי
געקעמפט — ווייל עס איז דארט געווען די דאזיקע מי־
נימאלע מעגלעכקייט צו שטאַרבן אזוי ווי עס איז גע־
שטארבן שמשון. אבער צי הייסט עס, אז דארט וווּ עס
זענען אומגעקומען הונדערטער טויזנטער און מיליאנען,
און זיי האבן נישט געהאט די דאזיקע מינימאלע מעגלעכ־
קייטן צום קאמף אדער דעם מינימאלן כוח צו שטעלן ווי־
דערשטאנד — זענען זיי אומגעקומען אן כבוד? און ווי־
דער: ווער האט עס געדארפט פארטיידיקן זיין כבוד —
נישט דער מערדער, נישט זיין געהילף, נישט דער נעו־
טראלער און פאסיווער צושויער — נאר דווקא דער קרבן?

אנדערש, אויף א מער אינדיווידואליסטישן אופן באַ־
האנדלט די יידישע טראגעדיע אדאלף רודניצקי. אויב
בראנדיס איז א מוסטער פון אן עפישן פראזאיקער, איז
רודניצקי אין זיין פראזע א ליריקער — אויב ס'איז דער־
לויבט זיך צו באנוצן מיטן ווארט ליריק אין דער פּראַ־
זאטארישער שאפונג. רודניצקי אין בדרך כלל דער שיל־
דערער פון דער יידישער טראגעדיע דורך די איבערלעבונ־
גען פון יחיד. אין זיינע דערציילונגען באוויזן זיך מענ־
טשן, וואס האבן אדורכגעלעבט פארשיידענע מדורי גהינום
און זענען פון אים ארויס לעבעדיק. אבער צי קאן מען
ארויס פון גהינום אין א נישט דעפארמירטער קאָנדיציע?
צי קאן מען ארויס פון גהינום און אטעמען אזוי ווי עס
אטעמען אנדערע מענטשן, וועלכע זענען דארטן נישט גע־
ווען, וועלכע האבן נישט געזען? נישט געפילט דעם
ריח פון געברענטע גופים, נישט געפילט דעם פחד פארן
טויט, נישט בייגעוווינט די שריפה פון געטא און נישט
געזען מיט די אייגענע אויגן די גופימלעך פון קינדער,
וואס האבן זיך געוואלגערט אין די גאסן?

רודניצקיס יידישע העלדן האבן — ענלעך צו די העלדן
פון העברעישן שרייבער אהרן אפעלפעלד — ארויסגע־
טראגן פון דער לאגער־עפאכע א טיפן אומהיילבארן פסיכישן
דעפעקט. אפעלפעלד שילדערט דעם דאזיקן דעפעקט אין
פארם פון א גרויסער מעטאפאריק. רודניצקיס ליטעראַ־
רישער מעטאד איז א רעאליסטיש־פסיכאלאגישער. זיינע
העלדן טראגן זיך ארום מיט די כאראקטער־שטריכן פון
אנדערשקייט, זיי זענען פארוואונדעט און זייערע וואונדן
היילן זיך נישט. און די שווערסטע וואונד איז די איינזאַמ־
קייט. די איינזאמקייט פון יונגן מענטש אדער פון א זקן,
וואס איז ארויס מיט זיינע דערפארונגען און מיט זיינע
קאמפלעקסן פון לאגער, פון געטא, פון א באהעלטעניש,
אדער פון וואלד און איצט פרווט ער אנטלויפן פון זיך,
פון דער געלער לאטע, פון יידישן נאמען; אדער בלייבנ־
דיק ביים יידישן נאמען זוכט ער אן אָנלען, אן אנשפּאר,
אן אונטערשטיצונג, ווי א שוואכע געוויקס וואס פלעכט
ארום אירע ארעמס ארום א שטארקן בוים. אבער נישט
תמיד גיט די דאזיקע סימביאזע גוטע עפעקטן. איינזאמקייט
בלייבט איינזאמקייט. די איינזאמקייט דויערט. מיט דער
דאזיקער פסיכאלאגישער אינטראספעקציע איז דורכגע־
דרונגען רודניצקיס פראזע. און אויך זיינע עסייען, אין
וועלכע די פראבלעמען פון דער היינטצייטיקייט ווערן אנאַ־
ליזירט שארף און קריטיש — אויפן געביט פון געזעל־
שאפטלעכן לעבן, קולטור, קונסט אד״ג. און עס איז קלאר אז
אין אונדזערע צייטן מוזן די דאזיקע באטראכטונגען דער־
פירן צו דער זעלבער קאנקלוזיע, צו וועלכער עס דער־
גייען שרייבער און פילאזאפן (כאטש אפשר נישט אלע)
אויך אין דער א. ג. מערבדיקער פרייער וועלט: די אלגע־
מיינע פאריינזאמקייט פון יחיד לגבי דער געזעלשאפט, לגבי
דער מלוכה, דער גרויסער טעכניק או״ו. אבער דאס איז

שוין אן אנדערע טעמע, נישט פאר דעם דאזיקן עסיי.

מען דארף אויך פעסטשטעלן אז די גאנצע שאפונג רודניצקיס איז געווידמעט הויפטזעכלעך דער יידישער טעמאטיק, אנהייבנדיק שוין פון די ערשטע נאוועלן געשריבענע אין די דרייסיקער יארן.

לייענענדיק עטלעכע הונדערט זייטלעך פון זיינע נאוועלן געשריבענע אין פארשיידענע פעריאדן, באקומט מען א בילד פון א יידיש דור, וואס זיין איינציק שטרעבן, זיין איינציקער באגער איז געווען דערגרייכן דאס אלגעמיין מענטשלעכע רעכט — נישט פאנאנדערטיילן דעם באגריף ייד פון דעם באגריף מענטש, אפמעקן די פאראנענע באליידיקנדיקע גרענעץ צווישן די דאזיקע צוויי ווערטער. אבער נישט רודניצקי, נישט קיין שום אנדערער שרייבער האט נישט געקאנט פעסטשטעלן, אז דער דאזיקער באגער איז מקיום געווארן אין פוילן.

זיי, די לעבן־געבליבענע יידן, די אפגעראטעוועטע פון גהינום, די אנטרונענע פונעם מלאך־המות, די אויפגעשטאנענע תחית־המתים — צי איז זיי באמת געלונגען צו אנטלויפן פון קאלעד־אויוון? האבן זיי דאס טאקע איבערגעלאזט הינטער זיך — דעם פארפאלגער, דעם מערדער, דעם צייכן פון סוואסטיק, קיינס צייכן?

יאדוויגא קאזלאווסקא־פישלאווא, אליין א געוועזענע קאצעטלערין פון טערעזיענשטאדט, גיט אין איר פראזע א נעגאטיווע תשובה אויף דער דאזיקער פראגע.

איר בוך „טראמאנטאנא" (יידיש: דער ווינט וואס בלאזט פון די בערג) איז אן אונטערשטיצונג פון דער טעזע, אז קיינעם איז נישט געלונגען צו באפרייען זיך פון יענעם קאשמאר, קיינער איז נישט אימשטאנד צו באווירקן זיין זכרון ער זאל קענען און וועלן פארגעסן. קיינער איז נישט בכוח צו פארווישן פון אונטער די וויעס דאס בילד פון די רויכנדיקע קוימענס, קיינער איז נישט אימשטאנד פאנאנדערצוטרייבן דעם גערוך פון פארברענטע מענטשלעכע ביינער. קיינער איז נישט אנטלאפן פון לאגער, קיינער איז פון לאגער נישט באפרייט געווארן. אמת: זיי זענען נישט פארבליבן אין לאגער, אבער דער לאגער איז פארבליבן אין זיי. זיי טראגן אים ארום אין זיך אומעטום ווו זיי זענען, אומעטום ווו זיי גייען — תמיד, אפשר ביז צו דער שעה פון גסיסה.

די העלדין פון „טראמאנטאנא" וויל נישט, ווייל זי קען נישט — לעבן אין לאנד, ווו עס איז אומגעבראכט געווארן דאס יידישע פאלק. זי גלייבט: אין דער ווייטער פרייער וועלט, דארט ווו עס לעבן מענטשן נישט געשטרויכלטע דורך דעם עבר, פרייע פון קאמפלעקסן — דארט, נאר דארט צווישן מענטשן קיינמאל נישט געשלאגענע, קיינמאל נישט באליידיקטע און נישט באדראטע, נאר דארט וועט זי קענען פארגעסן וועגן דער פארגאנגענהייט, דארט וועט זי קענען אפהאקן די אלע נישט זעבארע אבער פאראנענע פעדים און שטריק, וואס באהעפטן זי מיט דער פארגאנגענער צייט.

און זי פארט פון לאנד צו לאנד, זי וואנדערט דורך אייראפע, דורך שטעט און לענדער, זי איז נאך גענוג יונג בכדי צו קענען פילן דעם לעבנס־דורשט, און זי גייט מיט אפענע ארעמס, א זוכנדיקע, א בענקנדיקע. אבער אין זיך — אין הארצן און אין מוח, אין זיך — אין אלע חושים אירע טראגט זי מיט זיך דעם שווערן באלאסט: דעם לאגער. זי וועט זיך שוין פון אים קיינמאל נישט באפרייען. אין יעדן מאן וועט זי זען דעם היטלעריסט, וועלכער האט זי פארפאלגט. אין יעדער שטאט וועט זי דערקענען א רעמיניסצענץ, א קליינינקע אדער א גרויסע, א דערמאנונג — פון יענע שטעט, וועלכע זענען פארוואנדלט געווארן אין פאבריקן פון טויט. זי איז פארשפילט. זי איז ארויס א לעבעדיקע דורך די לאגער־טויערן, אבער זי איז שוין נישט בכוח צו געניסן פון דער פרייהייט. ווייל די לאגערן און תפיסות און אויוונס זענען איצט נישט ארום איר — אין איר זענען זיי איצט ארגאניש אין איר לייב און נשמה זענען זיי ארייננגעוואקסן. קען מען אנטלויפן פון זיך? קען מען זיך פון זיך אליין באפרייען?

אן ענלעכע קינסטלעריש־פסיכאלאגישע קאנצעפציע פון דער געטא און לאגער־טעמאטיק באגעגענען מיר ביי דעם יידישן מחבר יאן קורטשאב. אינעם בוך „וואס איז א מענטש?" באשרייבט ער צוו. אנד. א לאגער ווו עס זענען געווען יידן, א לאגער דאס מאל נישט אויף דער פוילישער טעריטאריע, נאר אין דייטשלאנד ערב דער באפרייונג. די מענטשן זענען שוין אויסגעמאטערט ביז צו דער גרענעץ פון די מענטשלעכע מעגלעכקייטן. מענטשן שטארבן איצט מאסנווייז — זיי זענען דא צוזאמענגעטריבן געווארן פון פיל באראקן אין איין איינציקן, אין לעצטן באראק, זיי האבן שוין נישט קיין לופט צום אטעמען. פון צייט צו צייט טראגט מען ארויס, אדער בעסער געזאגט: מען טראגט נישט, נאר איבער די קעפ גיט מען איבער פון האנט צו האנט דעם טויטן קערפער און ווען ער געפינט זיך שוין ביי דער שוועל, עפנט מען אויף א ווײלע די טיר און דעמלט גייט אריין א ביסל לופט פון דרויסן. און פון דער ווייטן טראגן זיך די דעטאנאציעס, עס הערט זיך דאס שווערע ברומען פון די אליאנטישע אייראפלאנען, די אמעריקאנער זענען שוין גאר נאענט, די פרייהייט דערנענטערט זיך. בלויז אויסדויערן, אויסדויערן נאך א מינוט, נאך א שעה, אפשר נאך עטלעכע שעה. די פרייהייט איז נאענט — אבער צי וועט מען זי דערלעבן? וועמען נאך וועט אויספעלן לופט צום אטעמען? וועמענס הארץ וועט נישט אויסהאלטן? וועמענס לונגען? און אויב די דייטשן וועלן אונטערלייגן א באמבע אונטער דעם באראק? אפשר וועלן זיי אונטערצינדן די דאזיקע פיר ווענט אויס אויסגעטרוקנטע ברעטלעך?

די האפענונג ראנגלט זיך מיט דער פארצווייפלונג. אבער אומעטום, זענען פאראן מענטשן גייסטיק שטארקע, וואס ווירקן צוציענדיק לגבי אנדערע מענטשן. אט איז איינער פון זיי — קורטשאבס אויסגעטראכטער פאבולארער העלד. אפשר איז ער גאר נישט אויסגעטראכט, מסתמא זענען געווען אזעלכע. יעדער גוטער אדער שטארקער, יעדער שוואכער, יעדער שלעכטער, יעדער איידעלער, יעדער נידערטרעכטיקער — אין יענעם גהינום האבן דאך געמוזט עקזיסטירן אלע ניואנסן פון מענטשלעכע כאראקטערן.

קורטשאבס העלד איז שטארק. ער זייעט ארום זיך די געבענטשטע איבערצייגונג, אז מען דארף האפן און גלייבן אין דעם גוטן סוף פון בייזן שפיל, פון בייזן חלום. מען דארף זיך אויפפירן אזוי, ווי מען זאל זיין איבערצייגט, אז מען וועט לעבן און אז מען וועט איבערלעבן. אזוי דארף מען זיך אויפפירן, נישט געקוקט אויף דער רעאלער ווירקלעכקייט, נישט געקוקט דערויף, אז מען וועט אפשר אומקומען נאך היינט, נאך אין דער דאזיקער שעה.

אזוי טראכט און אזא איבערצייגונג פארשפרייט ארום זיך קורטשאבס העלד. און געבענטשט איז די דאזיקע ווירקונג, ווייל זי דערמוטיקט דעמלט ווען מען עסט קארטאפל־שאלן ארויסגעצויגענע פון די פעקאליעס, קארטאפל־שאלן געשוואנקענע אין דער אייגענער השתנה אדער אין דעם חברס השתנה.

קורטשאבס העלד איז א ייד א גייסטיקער און פיזישער גיבור. אבער ווען עס קומט די אויסגעבענקטע און אויסגעוויינטע שעה פון באפרייונג, ווען די דייטשן ביי דער טיר פון קאמער פארלאזן זייער פאסטן און עס פארן אריין אויפן לאגער־הויף די אמעריקאנער אויטאס מיט פרייהייט, מיט ברויט, מיט כל טוב, דעמלט... לויפן יידן ארויס פונעם באראק, ווער עס קען דער לויפט, און ווער עס קען נישט לויפן, דער פויזעט — יידן פרייען זיך, יידן וויינען פאר פרייד, יידן עסן ברויט און טרינקען מילך פון די אמעריקאנער קיך־אויטאס, יידן זענען שיכור פון פרייהייט, פון גליק, פון נצחון.

און ער? דער גיבור פון יאן קורטשאבס דערציילונג, וואס האט אין אלע סיטואציעס געהאט גענוג כוח צו שטארקן אנדערע און צו שפייזן זיי מיט האפענונג? וויאזוי האט ער אויפגענומען די פרייהייט?

דער גיבור מיטן נאמען קאַן איז געלעגן איינער אליין אויף דער לייזיקער פריטשע אין פוסטן באראק און האט געוויינט. ער איז לאנג נישט ארויסגעגאנגען צו דער ליכטיקער זון באגריסן דעם ערשטן טאג פון דער פרייהייט. ער האט געוויינט. ער האט נישט געוויינט ווען מען האט ארום אים געהרגעט, און אויך נישט דעמלט, ווען עס האט זיך געדאכט, אז דער פאלגנדיקער צום טויט איז ער אליין. ער האט געוויינט ערשט איצט, אין פוסטן באראק, אין דער שעה פון באפרייונג און ער האט נישט געפילט אין זיך קיין שום פונק פון פרייד. אזוי האט אים געשילדערט דער פוילישער שרייבער, דער ייד יאן קורטשאב.

ביי פיל, כמעט ביי אלע יידישע שרייבער וועלכע האבן געשריבן אין דער פוילישער שפראך טרעט ארויס די טענדענץ צו פאראייביקן דאס בילד פון דעם אומגעקומיעם יידישן לעבן אין פוילן. טיילמאל איז עס א קליין שטעטל אין דער ליטע צי אין גאליציע, טיילמאל איז עס די גרויסשטעטיקע יידישע סביבה אין לאָדזש צי אין ווארשע. פארשטייט זיך, אז עס קומט דא מער אדער ווייניקער צום אויסדרוק די גאנצע רייכקייט פון יידישן קולטורעלן און רעליגיעזן לעבן פון דער יידישער קהילה, און גלייכצייטיק די אידעישע צעשפליטערונג מיט אלע אינערלעכע קאנפליקטן, מיט אלע זייערע ניואנסן. ציוניזם און — אסימילאציע, פרומקייט און — אפיקורסות, געטריישאפט צו דער אמונה און די יצר־הרע צו פרעמדע געטער, השכלה און — פאנאטיזם, וואס וויל נישט גיין אויף קיין שום קאמפראמיס מיט דער עפאכע. פילפארביק איז זי געווען, די דאזיקע פארגאנגענע וועלט. פון דער צייט־פערספעקטיוו נעמט זי זיך אונדז אויס ווי א גרויסע רוישיקע בינע, ווו עס טרעטן ארויס אקטיארן פול מיט העלדישער אידעישקייט.

אזעלכע זענען זיי צוו. אנד. אין ראמאן פון יוליאן סטריקאווסקי ″שטימען אין דער פינצטערניש″.

אבער אויב מיר רעדן וועגן דער פארשוואונדענער יידישער וועלט אין פוילן, וועגן פארשוואונדענעם יידישן שטייגער, וועלכער האט כאראקטעריזירט די דאזיקע עפאכע, שטעלט זיך די פראגע: ווען איז אייגנטלעך דער דאזיקער שטייגער בטול געווארן? ווו איז די דאזיקע צייט־גרענעץ, וואס טיילט אפ צוויי עפאכעס? ווו ענדיקט זיך דאס אלטע, ווו הייבט זיך אן דאס נייע? ווען האט זיך אנגעהויבן די ערדציטערניש, וועלכע האט חרוב געמאכט אונדזער פעסטונג, אונדזער פילדורותדיקע ירושה? צי איז עס געווען דער סוף פון דער ערשטער, אדער דער אנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה? איז עס פארגעקומען אין טאג, ווען עס האבן אנגעהויבן רויכערן די קוימענס פון אשוויענטשים? אדער — אפשר נאך פריער? און צום סוף: צי איז עס בלויז א פראבלעם פאר היסטאריקער, צי אויך פאר יעדן ייד, און בפרט פאר א ייד א שרייבער?

אדאלף רודניצקי און יוליאן סטריקאווסקי קענען די דאזיקע אומגעקומענע וועלט, זיי זענען אין איר געבוירן און אויפגעוואקסן.

פון איינעם פון לעצטע ראמאנען זיינע א. נ. ″אויסטעריא″, דרינגט ארויס י. סטריקאווסקיס טעזע, אז וועלטן גייען אליין נישט אונטער; יעדע ערדציטערניש, דאס הייסט יעדע מלחמה ברענגט דעם אונטערגאנג פון איין עפאכע, אויך דעמלט ווען יידן זענען גאר ניט קיין צד אין דער דאזיקער קריג — דאָך זענען זיי די ערשטע אנטיילנעמער אין דער מפלה.

סטריקאווסקי, דער באזינגער און דער קדיש־זאגער פון דעם יידנטום פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט אין דאזיקן ראמאן באשריבן איין טאג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, דעם ערשטן טאג, אין א קליין יידיש שטעטל ביי דער דעמלטדיקער רוסיש־עסטרייכער גרענעץ. פון מזרח קומט אן די ידיעה, אז די קאזאקן צי רוסן זענען שוין אריבער די גרענעץ און דערנענטערן זיך צום שטעטל — נאך עטלעכע שעה און זיי וועלן דא זיין, זי וועלן אייננעמען די שטאט. די יידישע באפעלקערונג נעמט אויף די דאזיקע ידיעה מיט א פארשטענדלעכן פחד. יידן פארלאזן דאס שטעטל — מען באהאלט זיך אין א יידישער קרעטשמע, אין אן אויסטעריע, ווו דער גאסטפריינטלעכער בעל־אכסניה געפינט פאר יעדן איינציקן פליט אן ארט.

האט זיי דא דער יידישער גורל און דער פחד פאר די מאַסקאַלן געבראכט אונטער איין דאך — רייכע און ארעמע, יונגע און אלטע, פרומע און ″אויפגעקלערטע″, מענער און פרויען — א מיניאטור פון א גאנצער געזעלשאפט,

אפשר א מיניאטור פון א גאנץ פאלק. און אט די דאזיקע באגעגעניש אין אנבליק פון דראענדיקן געפאר צעזעצט אין משך פון איין מעת־לעת (ווייל אזוי לאנג דויערט די אקציע פון ראמאן) די גאנצע סאלידע טראדיציאנעלע סטרוק־טור פון דער גאנצער עדה. עס פארשווינדט פלוצים דער כבוד פון ארעמע צו רייכע, דער כבוד פארוואנדלט זיך אין א לייכטשעצונג, ווייל מען זעט דאך איצט בפירוש אז עס איז געגנוג איין שאס פון אן ארמאטע, עס איז גענונג א טאג פון מלחמה, און שוין שטייען אלע אין אנבליק פון דעם זעלבן גלייכן שטערבלעכן געפאר. און באלד ווערט אויך נעלם די גאנצע פרומ־קייט — אט גיט מען זיך שוין א ליצענץ אויף פאר־שיידענע געבאטן און פארבאטען, עס וואקלט זיך די אלטע פעסטונג פון יידישער מאראליטעט, פון יידישן מינהג. די געטרייע און ביז איצט פרומע פרוי וואגט זיך איצט צו פאראטן איר מאן — פארשטייט זיך, אז זי טוט עס צום ערשטן מאל אין איר לעבן. זי טוט עס אין דער ערשטער שעה פון דער גרויסער מלחמה — אין א זומער־נאכט פון יאר 1914, און דאס איז לויט סטריקאווסקין, דער סוף פון א פארמאציע פון יידישע דורות אין פוילן. אבער נישט נאר די פלוצימדיקע דעסטרוקציע פון אן אונטערגייענדיקער וועלט איז דער אינהאלט און דער פינאל פון דאזיקן ראמאן. דער פינאל — ווי אין אלע מלחמות — איז דער טויט. און די ערשטע וואס מען פירט זיי צו דער עקזעקוציע, זענען, פארשטייט זיך — יידן. סטריקאווסקי לאזט אבער זיין אלטן העלד — דעם קרעטשמער — נישט זיין איינזאם אין דער שעה פון שטאר־בן. ער פלעכט צוזאמען די האנט פון דעם ייד מיט דער האנט פון א גלח — אמאל, אין די קינדעריארן זענען זיי געווען צוויי פריינט און איצט אין דער שעה פון סכנה דערוועקט זיך אין זיי די אמאליקע פריינטשאפט. ביידע גייען זיי פרייוויליק אנטקעגן דעם גרעסטן און לעצטן געפאר — דער ייד א קרבן, דער קריסטלעכער גייסטלעכער ווי א סימבאל פון פעלקערפריינטשאפט. לא־מיר צוגעבן פון זיך: ווי א זעלטענער סימבאל.

עס זענען דא ארומגערעדט געווארן אין א גרויסן קיצור בלויז געוויסע אספעקטן פון יוליאן סטריקאוו־סקיס שאפונג — אייגנטלעך בלויז דער יידישער אספעקט, בלויז א טייל פון זיין יידישער טעמאטיק. פונקט ווי עס זענען ארומגערעדט געווארן בלויז געוויסע אויסשניטן פון דער יידישער טעמאטיק ביי בראנדיסן, רודניצקין, וויגאדזקין.

סיי די אויבן דערמאנטע, סיי אנדערע יידישע מחברים אין פוילן, האבן אין א גרעסערער אדער קלענערער מאס רעאגירט אין זייערע ראמאנען און דערציילונגען אויך אויף אנדערע פראבלעמען פון עבר און פון דער קעגנ־ווארט.

ביי בראנדיסן איז עס די עסייאיסטיק און די פרוון צו שילדערן די קעגנווארט פון סאציאליסטישן פוילן — און מען דארף אונטערשטרייכן, אז עס זענען דארט ארויסגעבראכט געווארן אויך קריטישע מיינונגען וועגן דעם וואס איז אין יענע יארן און אויף יענעם אָרט מעגלעך געווען צוליב צענזוראלע סיבות צו קריטיקירן. ווי באוווסט, איז די דאזיקע קריטיק דערלויבט געווען לגבי געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען און פערזענלעכ־קייטן, ביז צו א געוויסער אדמיניסטראטיווער מדרגה, אויב זי האט נישט אטאקירט די אנגענומענע און פאר־פליכטנדיקע אידעאלאגישע דאָגמעס. בכלל זענען עס אבער געווען קרבנות מצד דעם שרייבער — קרבנות אויפן מזבח פון דער פאראנגענער פאליטישער קאניונק־טור און אויפן מזבח פון די פארטייאיש־מלוכישע פאר־לאנגען. נישט אין אלע ביכער פון דעם דאזיקן זשאנר, ד. ה. ניט אין אלע ביכער וועגן דער היינטצייטיקייט איז אין דער זעלבער מאס געלונגען דעם אדער יענעם מחבר ארויסצוגיין מיט כבוד, אבער אויך נישט אלע ביכער פון דעם דאזיקן מין זענען געווען אַן אמתדיקע קינסטלערישע ווערטן.

די יידישע טעמאטיק איז אויך נישט געווען די אויס־שליסלעכע ביי א. רודניצקי — די דאזיקע אויסשליס־לעכקייט וואלט איבעריקנס געווען א נישט נאטירלעכע זאך. דער שרייבער רודניצקי פונקט ווי יעדער אנדערער יידישער און נישט יידישער שרייבער רעאגירט דאך אויך אויף די סאציאליגישע, שטייגערישע, קולטורעלע צי פאליטישע דערשיינונגען ארום זיך בכלל. פונקט ווי א סך פוילישע שרייבער האבן געשריבן וועגן דער יידישער טראגעדיע, אזוי האבן אויך די יידישע מחברים רעאגירט און גענומען ווארט אין דעם אלגעמיינעם פוילישן לעבן.

ביי וויגאדזקין פארפלעכט זיך די יידישע טעמא־טיק זייער אפט מיט דער פאבולאריזירטער געשיכטע פון דער פוילישער ארבעטער־באוועגונג, מיט דער פוי־לישער רעוואלוציאנערער באוועגונג. זיינע דערציילונגען וועגן דער תפיסה, זיינע דערציילונגען פון די יידישע און נישט יידישע קאמוניסטן זענען א מוסטער פון גוטער פראזע.

סטריקאווסקי האט דער דאזיקער טעמע געווידמעט א גרויסן ראמאן א. נ. "די שווארצע רויז" — געבויט אויף אויטענטישע פרטים פון דער יוגנטלעכער קאמוניסטי־שער באוועגונג אין לעמבערג. דאס בוך האט אויסגעדרוקט אן אפעטעאז פון דער העלדישקייט פון יונגע קאמוניסטן אין די דרייסיקער יארן. דורך די קאמוניסטן אין פוילן איז עס אויפגענומען געווארן מיט געוויסע באוואָרעניש לגבי דער אויטענטישקייט פון פערסאנאזש און פון פאקטן.

די אויבן דערמאנטע נעמען בילדן א גרופע יידיש־אפשטאמיקע מחברים, יידישע מחברים וועלכע האבן אפ־געשפילט א געוויסע ראל אין דער פוילישער מא־דערנער ליטעראטור, אין דער פוילישער נייעסטער ליטעראטור. עס וואלט געווען אוממעגלעך ארומצורעדן, אדער אפילו בלויז מאכן א רשימה פון אלע יידישע מחברים אין פוילן. פיל פון זיי האבן געענדערט די נעמען, אנדערע האבן זיך, אזוי צו זאגן, אפגעהאקט פון דעם יידישן שטאם, ביי נאך אנדערע קומט נישט צום אויסדרוק די יידישע טעמאטיק, אדער זיי האבן אויסגעוואנדערט פון פוילן פריער.

אין די זעכציקער יארן האט דעביוטירט אין דער פוילישער שפראך אן אקטיאר פון יידישן ווארשעווער טעאטער, הענריק גרינבערג — ער האט ארויס־געגעבן א בוך דערציילונגען, א קליינעם ראמאן א. נ. "די יידישע מלחמה" און א זאמלונג לידער. דאס לעצטע ביכל איז — דרך אגב — ארויס אין קריסטלעכן פארלאג "פאקס". די ביידע פראזע־ביכער זענען געווידמעט דער געטא־טעמאטיק, ביידע זענען זיי זייער ווארעם אויפ־גענומען געווארן דורך די פוילישע לייענער און דורך דער פוילישער קריטיק.

א גרויסן צושטייער צו דער פוילישער ליטעראטור האט בייגעטראגן וולאדזימיעזש סלאבאדניק, מיט זיינע איבערזעצונגען פון דער רוסישער קלאסישער לי־טעראטור; וויקטאר ווארשילסקי איז געווען איינ־ער פון די אידעאלאגישע פאעטן, ער האט אויך איבער־זעצט פון רוסיש. צו די איבערזעצער פון דער מערב־ליטעראטור האט געהערט איגנאצי שענפעלד.

אין דער בעלעטריסטיק דארף מען נאך דערמאנען קריס־טינא זשיוווולסקא.

אין דער פאעזיע האט פארנומען אן אנגעזען ארט אר־נאלד סלוצקי, וועלכער האט באוויזן צו קאנצענטרירן ארום זיך א סך יונגע דיכער פון גאנץ פוילן און באאיינ־פלוסן זיי אין דער ריכטונג פון דער מאדערניסטישער פאעזיע.

אין דער ליטעראטור־קריטיק האט פארונמען אן אנגעזען ארט ארטור סאנדאוער.

אויף א באדייטנדיקן אופן זענען רעפרעזענטירט יידישע מחברים אין דער סאטירישער פאעזיע און בכלל אין דער סאטירע (יוסף פרוטקאווסקי, לודוויק גורסקי, הארצי סאפרין) און אין ראדיא־און טעלעוויזיע־דרא־מאטורגיע (סט. וויגאדזקי, נח ווערצהייזער, ק. סע־גאל).

מען דארף דא צום סוף דערמאנען צוויי דיכטער: מיע־טשיסלאוו יאסטרון און אדאם וואזשיק, וועלכע האבן זיך נישט אנגאזשירט בדרך כלל אין דער יידישער טעמאטיק. וואזשיק איז נאך דער מלחמה געווען איינער פון די הויפט־ארגאניזאטארן פון ליטעראַרישן לעבן אין פוילן, איינער פון די אידעאלאגן פון דער דאזיקער לי־טעראטור. שפעטער איז ער אריבער אויף די אזוי גערופענע רעוויזיאניסטישע פאזיציעס, אויף אפיקורסישע כאזיציעס און האט צוליב דער קריטיק פון דער פוילישער ווירקלעכ־קייט, פארשאפט זיך א פארביסענעם שונא אין דער פער־זאן פון וולאדיסלאוו גאמולקא.

צווישן די יידישער מחברים, וועלכע זענען דא דערמאנט געווארן, זענען געווען צוויי, וועלכע האבן געשריבן סיי־יידיש, סיי פויליש: הארצי סאפרין און קלמן סעגאל. עס זענען אויך געווען פאלן, אז מחברים יידיש־שרייבנדיקע זענען אריבער אויף דער פוילישער שפראך, ווייל די פאר־לעגערישע פארהעלטענישן זענען געווען מער ליבעראל אין די פוילישע פארלאגן.

צי און אין וואסארער מאס זענען די יידיש־שרייבנדיקע מחברים, אדער בעסער געזאגט: צי זענען זייערע ליטערא־רישע שאפונגען אויף יידישע טעמעס געווען אנגענומען און אקצעפטירט, צי זענען זיי געווען געלעזן דורך דעם פוילישן לייענער? די תשובה אויף דער דאזיקער פראגע איז א פּאַזיטיווע, כאטש זי קאן זיך ארויסנעמען פאראדאקסאל. די יידישע מחברים האבן דאך געשריבן צוו. אנד. וועגן דער יידישער טראגעדיע — און קאנקרעטער געזאגט: וועגן דער גלייכגילטיקייט פון דער פוילישער געזעלשאפט, פון דעם גרעסטן איר טייל לגבי דעם יידישן אומקום. ווי־זשע האט עס געקאנט פאסירן, אז די דאזיקע מחברים זענען דאך געווען פאפולער און זענען ביז היינט אפט באליבט ביי די פוילישע לייענער פון פארשיידענע סאציאלע גרופעס, סיי ביי ארבע־טער, סיי ביי אינטעליגענטן. אפשר שטעקט די תשובה אינעם פאקט, אז די אלגעמיינע קאנצעפציע פון יעדן שרייבער, סיי פון דעם יידיש־אפשטאמיקן, סיי פון דעם קריסט, סיי אין פוי־לן, סיי אין אנדערע לענדער — די אלגעמיינע הומאנישע קאנ־צעפציע ביים שילדערן יענע צייט איז: פאראייביקן דעם אנדענק פון קדושים, ווארענען די וועלט פארן געפאר פון פאשיזם, באשולדיקן און אויפטרייסלען. און גלייכצייטיק דערהייבן צו א סימבאל דעם גוטן ווילן פון יעדן מענטשן אויף דער וועלט און בפרט אין יענע לענדער ווו דער רוצח איז געווען דער הערשער — דערהייבן צו א סימבאל יעדן פונק פון מענטשלעכער גוטסקייט, יעדע אויסגע־שטרעקטע פריינטלעכע האנט פון פארטיידיקער, נישט גע־קוקט דערויף, אז פארפאלגער זענען געווען א סך און אז די גוטע מענטשן אין סדום זענען געווען זעלטן. אבער זיי זענען דאך פארט געווען און דעם איינציקן גערעכטן, טאר מען דאך נישט באשולדיקן, אז ער איז געווען דער


נח ווערצהייזער

אײנציקער. נישט דער גוטער יחיד איז דאך פאראנט־װארטלעך פאר דעם שלעכטן כלל. דער גוטע גלח, דער גוטער פויער, דער אינטעליגענט צי א פשוטער ארבע־טער — די דאזיקע יחידים האבן געראטעוועט דעם כבוד פון זייער פאלק און דעם כבוד פון דער וועלט. אזא איז געווען די קאנצעפציע פון די דאזיקע ווערק, וואס יידישע מחברים האבן געשריבן. און זי איז געווען נישט נאר אנגענעמבאר, נאר אויך סאטיספאקציאנירנדיק, גענוגטוענדיק פאר דעם פוילישן לייענער, פאר דער פוילישער געזעל־שאפט.

דער ליטעראַרישער צושטייער פון די יידישע מחברים צו דער פוילישער ליטעראטור איז א וואגיקער. ביי יעדן פון די דערמאנטע נעמען האט דאס פעסטגעשטעלט די פוילישע קריטיק, סיי אין פוילן, סיי אין די פויליש־עמיגראנטישע קרייזן, צוליב די הומאניסטישע און קינסט־לערישע אלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן. אין פיל פאלן האבן די מחברים דערגרייכט דעם סאמע העכסטן ראפי־נירטן אופן פון באנוצן זיך מיט דער פוילישער שפראך און האבן די מעגלעכקייטן פון פוילישן ווארט דערפירט צו מייסטערשאפט.

די יידישע מחברים האבן אויפגענומען אין זייערע ווערק א וויכוח מיט דער פוילישער געזעלשאפט און מיט דער וועלט וועגן דער צוממייסטן געפערלעכער און אוממענטש־לעכער דערשיינונג, וועלכע הייסט ראסן־שנאה. אין א לאנד וווּ אנטיסעמיטיזם איז א געוויסע טראדיציע, האבן זיי באווירקט דעם מאסן־לייענער אנצונעמען, אדער מינ־דעסטנס צו פארטראכטן זיך איבער דער טעזע, וואס עס האט אזוי קאנקרעט דעפינירט זשאן פאל סארטער: „...די באציונג צו יידן, ווו עס זאל נישט זיין אויף דער וועלט, איז אן אויסדרוק פון אייער אייגענער רייפקייט און קולטור...“

און איך מיין, אז ס'איז בארעכטיקט צו זאגן, אז די יידישע מחברים אין פוילן האבן באוויזן מיט זייערע שאפונגען אריינצודרינגען אין געוויסן פון א סך טוי־זנטער לייענער. דאס האט זיך באשטעטיקט אין די יארן 1967—1969, ווען די גאנצע פוילישע אפיצעלע פראפא־גאנדע האט גערופן צו יידן־האס, און דער דאזיקער רוף איז פון דער גאנצער פוילישער באפעלקערונג געווארן גרינג־געשאצט. די פראפאגאנדע קעגן יידן איז דורכן פוילישן פאלק נישט אנגענומען געווארן, נישט גע־ווארן אקצעפטירט. מוז דא געזאגט ווערן, אז צווישן די פאקטארן, וועלכע האבן גורם געווען דווקא אזא און נישט אנדערע שטעלונג פון די פאליאקן, האט אויך געמוזט ווירקן די העכער צוואנציק־יאריקע ארבעט פון די יידי־שע פאעטן און פראזאיקער. די שיינע ליטעראטור איז אימשטאנד טיפער אריינצודרינגען אין דער מענטשלעכער נשמה און איבערקערן זי — דערציען און פאראיידלען. דארט, אין פוילן איז עס געווען א נוצלעכע און נויטיקע זאך אויפן געביט פון באציונג צו יידן.

אין משך פון י. 1967—1969 אלס רעזולטאט פון דע־ אנטי־יידישער און אנטי־ישראלדיקער פראפאגאנדע האבן פארלאזט פוילן א צוויי צענדליק יידישע מחברים. אייניקע פון זיי זענען געקומען קיין ישראל: סטאניסלאוו ווי־גאדזקי, נח ווערצהייזער, קלמן סעגאל. די איבערזעצערין אננא דרעזנער איז עולה געווען פריער, אין די פופציקער יארן.

אינעם ארטיקל „יידישע מחברים אין דער מאדערנער פוילישער ליטעראטור“ פון קלמן סגל, איז, פארשטייט זיך, נישט אויס־גערעכנט דער מחבר פון ארטיקל גופא, וואס איז אליין א באדייטנ־דיקער שריפטשטעלער אין דער פוילישער ליטעראטור. דערגענצן מיר דעריבער דעם אויבנדערמאנטן ארטיקל מיט א כאראקטעריסטיק איבער קלמן סגל, געשריבן פון נחמן ראפפ.

רעדאקציע

אין דער פאקסימיליע פון די ווערק פון קלמן סגל, געדרוקט אין דער פוילישער צייטונג „וויעטשור“, אין יאר 1956, געפינט זיך, צווישן די דערשינענע פוילישע ווערק פון קלמן סגל, אויך דאס ביכל „לידער“ געדרוקט מיט יידישע אותיות. דאס איז דאס ערשטע לידער־בוך פון קלמן סגל, געשריבן און ארויסגעגעבן אין יידיש. גלייך נאך דעם הייבט זיך אן די דערשיינונג „קלמן סגל, דער פראזאיקער“. צי האט דעם יידישן דיכטער קלמן סגל געלאקט די „ברייטע פוילישע גאס“? אדער אימעצן פון דעם שמאלן יידיש־ליטעראַרישן פעלד אין נאך־מלחמהדיקן פוילן האט פארפעלט ברייטהארציקייט צוצולאזן דעם יידישן דיכטער קלמן סגל צום ליטער־ארישן עמוד? אונדז זעט אויס אז די לעצטע ווערסיע פאר א ריכטיקע. אזוי צי אזוי, איז דער יידישער שרייבער קלמן סגל „געווארפן געווארן“ דער פוילישער ליטעראטור,



קלמן סעגאל

אוןביידע צדדים, סיי דער שרייבער און סיי די פוילישע ליטעראטור האבן געהאט פון זיך נישט ווייניק נחת.

אבער קלמן סגל איז קיינמאל נישט געווארן קיין פוילישער שרייבער, אין זין פון אפזאגן זיך פון יידישער טעמאטיק און איר יידישער טראקטירונג. דאס פוילישע לשון וואס קלמן סגל האט אין אים געשריבן, דערגייט ביי אים ביז פערפעקציע, וואס נישט איין פוילישער שרייבער מעג אים מקנא זיין. דאך איז ער געבליבן אין אלע זיינע פוילישע ווערק דער יידישער שרייבער, דער שרייבער־ייד, וואס באשרייבט דאס לעבן פון זיינע ברידער יידן אויף דער פוילישער ערד, אין שטעטל אין גאליציע, יידן אויפן דארף, יידן בעת דער בלוטיקער דייטשער אקופאציע, שארפער פוילישער אנטיסעמיטיזם פון פאר און נאך דער מלחמה, לייגנדיק דעם שווערן טראפ אויפן פוילישן אנטיסעמיטיזם טאקע נאך דער מלחמה, פוילישע חסידי אומות העולם, וואס דערשיינען ביי קלמן סגל ווי קליינע ליכטיקע פונקטן אויפןברייטן פינצטערן פאן פון אלגעמיינעם אנטיסעמיטיזם — דאס איז די טעמאטיק, וואס קלמן סעגאל האט אריינגעבראכט אין דער פוילישער ליטעראטור נאך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אזעלכע ווערק פון קלמן סגל ווי ״דער טויט פון דעם ארכיוואר״, אדער ״די געליבטע פון סדום״, פירן דעם פוילישן לייענער אין דער ריכטונג פון פולשטענ־דיקער אידענטיפיקאציע מיט דער טעמע, טיפאזש און קינסטלערישן באנעם פון מחבר.

לייענענדיק די ווערק פון קלמן סגל — און אין משך פון קארגע צוואנציק יאר האט ער ארויסגעגעבן 19 ביכער אין דער פוילישער שפראך — באקומען מיר דעם איינדרוק, אז קלמן סגל האט זיך נישט געגעבן די מינדסטע מי צו דערשיינען פארן פוילישן לייענער ווי א פאליאק. פארקערט, אלע זיינע ווערק שפרודלען מיט יידישער און יידישלעכער סעמאנטיק. רירנדיק, ביז מיטלייד, לייענען מיר אין זיין בוך ״דער טויט פון ארכיוואר״, דעם אויס־טייטש פארן פוילישן לייענער, דעם טיף־יידישן באגריף פון כולו זכאי כולו חייב. און ווי אזעלכן, ווי א יידישן שרייבער, א ווירטואז אין פוילישן לשון, האט אים אויפ־גענומען די פוילישע ליטעראטור־קריטיק, שרייבנדיק וועגן אים: ״קלמן סגל איז א שרייבער אן קאמפלעקסן. ער שרייבט פריי וועגן אנטיסעמיטיזם וואס הערשט ביי אונדז אין לאנד, און מאנט נישט פאר זיך קיין פריווילעגיעס אין נאמען פון געלן מגן דוד״. ״ער קומט צו אונדז מיט דער יידישער טעמאטיק פון שטעטל און אזעלכן נעמען מיר אים אויף מיט אנערקענונג״.

דאס איז דער פארדינסט פון קלמן סגל, וואס איז אריין א דרייסטער און יידיש־שטאלצער אין דער פוילישער ליטעראטור, באררייכערט זי מיט יידישער טעמאטיק, אין גייסט פון דורכויס ידישן דענקען און פילן.

פאר די העכער צוואנציק יאר פון זיין לעבן אין פוילן נאך דער מלחמה, איז קלמן סעגאל געווען פון די סאמע פרוכטבארסטע שרייבער. אין די דאזיקע יארן האט ער אויך געשריבן סטאביל ראדיא־הערשפילן און טעלעוויזיע פראגראמען, וואס האבן געהאט א נישט קלענערן דער־פאלג ווי זיינע ראמענען און דערציילונגען, וואס האבן געפונען א ברייטן און טיפן אפקלאנג ביים פוילישן לייענער.

ד. ספרד

# יידישע ליטעראַרישע טעטיקייט אין פּוילן

## אין די יאָרן 1946—1968

אין ערשטן נומער "יידישע שריפטן" פון נאָוועמבער 1946, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דערשיינען אין לאָדזש, ווערט דערציילט, אַז "אַ קליינע גרופּע שרייבער און זשורנאַליסטן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט דעם 23־טן אָקטאָבער 1944 אין שטוב פון שרייבער לייב ראָכמאַן אין לובלין און אויסגעאַרבעט אַ מעמאָראַנדום צום פּוילישן "קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג". צומאָרגנס איז אַוועק אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון יאַנאַס טורקאָוו, גזשעגאָזש יאַשונסקי און מיכאל האָפמאַן צום פּרעזעס פון פּ. ק. וו. נ., וועלכער האָט אַסיגנירט די ערשטע הונדערט טויזנט זל. אויף שאַפן אַ "פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן".

די אויפגאַבעס, וועלכע דער פאַראיין האָט אויף זיך געשטעלט, זענען געווען פאָלגנדיקע: אַ) איינאָרדענען אוידיציעס פאַר אויסלאַנד, ב) גרינדן אַ יידישע פּרעסע־אַגענטור און ג) שאַפן אַ קאָמיסיע צו זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן, פון וועלכער ס'איז שפּעטער אויסגעוואַקסן "די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צ. ק. פון די יידן אין פּוילן" און דערנאָך "דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט".

אין יאַנואַר 1945 איז דער פאַראיין פון די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן איבערגעפאָרן קיין לאָדזש. דעם 24־טן מערץ 1945 האָט דער צייטווייליקער צ. ק. פון די יידן אין פּוילן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג א. נ. "דאָס נייע לעבן", וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אַלס וואָכנצייטונג דעם 10־טן אַפּריל 1945, און איר ערשטע רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ד"ר א. בערמאַן (לינקע פּ. צ.), ד"ר ע. זאָמערשטיין (אַלגעמיינע ציוניסטן), יאַנאַס טורקאָוו (שרייבער־פאַראיין), ג. יאַשונסקי ("בונד"), מ. מירסקי (פּ. פּ. ר.) און ד"ר סאַק (רעכטע פּ. צ.).

כאַראַקטעריסטיש זיינען די אַרטיקלען פון דעם ערשטן נומער — ד"ר ע. זאָמערשטיין — "מיר ווילן און וועלן לעבן"; מ. מירסקי — "פאַר אַ ניי לעבן"; ד"ר מ. בערמאַן: — "מיר בויען ווידער"; ד"ר פיליפּ פרידמאַן — "אונדזער היסטאָרישע אויפגאַבע" און א. וו.

אין די דאָזיקע ערשטע טראַגישע און פאַרצַתומטע טעג האָבן נאָך אַלע יידישע פּאַרטייען געוווינט אונטער איין דאַך. די עטלעכע על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועטע שרייבער, אַקטיאָרן, זשורנאַליסטן, היסטאָריקער האָבן געשאַפן איין מנין. דער פאַרנאַנדערטייל אויף באַזונדערע געביטן האָט זיך אָנגעהויבן ערשט מיטן קומען פון גרעסערע גרופּעס יידן פון ראַטנפאַרבאַנד און, באַזונדערס, נאָך דער ערשטער רעפּאַטריאַציע פון פּוילישע יידן פון ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע האָט זיך געענדיקט אין יוני 1946 און מיט וועלכער עס זיינען געקומען גרופּעס קינסטלער פון אַלע געביטן.

פון די יידישע שרייבער האָבן זיך צוריקגעקערט לייב אָליצקי, מאַטעס אָליצקי, ישראל אַשנדאָרף, י. אָקרוטני, וו. ה. איוואַן, מרדכי אַלעי, נחום באָמזע, פּסח בינעצקי, ש. בערלינסקי, נתן בלומענטאַל, חיים גראַדע, משה גראָסמאַן, יצחק גוטערמאַן, בינעם העלער, ד. האָפנונג, אלחנן וואָגלער, מ. וואַלדמאַן, יוסף וואָלף, אברהם זאַק, רייזל זשיכלינסקי, י. זאָנשיין, מ. זאַלצמאַן, יצחק טורקאָוו־גרודבערג, יצחק יאַנאַסאָוויטש, ש. לאַסטיק, בערל מאַרק, ל. מאָרגנטוי, מ. מירסקי, מענדל מאַן, ב. מאַסענזשניק, מ. נודעלמאַן, אברהם סוצקעווער, הערשל סמאָליאַר, דוד ספּאַרד, קלמן סעגאַל, יוסף סאַנדעל, יהודה עלבערג, לאה פינקעלשטיין, יצחק פּערלאָוו, ח. ש. פוקס, פּ. פריד, אפרים קאַגאַנאָווסקי, רחל קאָרן, י. קייטלמאַן, משה קנאַפּהייס, לייבל קופּערשמידט, שמערקע קאַטשערגינסקי, ב. קוטשער, נחמן ראַפּ, הדסה רובין, מ. רייזמאַן, יוסף רובינשטיין, משה שקליאַר. אין פּוילן גופא האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט רחל אויערבאַך, יאַנאַס טורקאָוו, ד"ר יוסף קערמיש, לייב ראָכמאַן, ישעיהו שפּיגעל, א. שעדלעצקי — צוזאַמען איבער 60 מענטשן.

די מיינונג פון די שרייבער וועגן דעם ווייטערדיקן המשך פון אַ יידישן ישוב אין פּוילן, נאָך דעם ווי ס'איז געוואָרן באַוווסט דער קאָשמאַרער אומקום פון פּוילישן יידנטום דורך די נאַציס און די פּאַסיווע און אַקטיווע מיטהילף פון די פּאָליאַקן — איז געווען פולשטענדיק געטיילט. די מערהייט איז געווען ביי דער מיינונג פון דעם רוב יידן, אַז מען קען מער נישט בויען קיין יידישן ישוב אויף דער ערד, וועלכע איז דורכגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, און צווישן אַ באַפעלקערונג, וואָס אַ גרויסער טייל פון איר האָט זיך צוגעקוקט צו די גרויליקע רציחות מיט באַוויליקונג און אַ קליינער האָט זיך אַפילו אין זיי דירעקט באַטייליקט.

די דאָזיקע מערהייט איז געוואָרן אַן אנהענגערין פון דעם פּאָפּולערן לאָזונג אין יענער צייט: פון "יציאת פּוילן", אָדער אַפילו פון "יציאת אייראָפּע". פון צווישן די שרייבער האָט אַ גאַנצע ריי באַקאַנטע דיכטער און פּראָזאיקער טאַקע גלייך פאַרלאָזט פּוילן, ווי מענדל מאַן, חיים גראַדע, אברהם סוצקעווער, שמערקע קאַטשערגינסקי, י. קייטלמאַן, לייב ראָכמאַן,

נחמן ראַפּ, א. שעדלעצקי און נאָך אַנדערע ווידער, זייענדיק אין פּרינציפּ מסכים מיט די ערשטע, האָבן דאָך אָפּגעוואָרט נאָך א פּאָר יאָר און זייער אַרויספאָר איז פאָרגעקומען אין פעריאָד פון דער צווייטער גרויסער איסוואַנדערונג פון די יידן פון פוילן אין סוף פון די פערציקער יאָרן, צו וועלכער עס האָט גורם געווען דירעקט די ליקווידאַציע פון אלע נישט־קאָמוניסטישע יידישע פּאַרטייען *.

אויסער די צוויי גרופּעס איז נאָך געווען א דריטע, וועלכע איז באַשטאַנען פון שרייבער, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געהערט צו דער „לינקער שרייבער־גרופּע", אָדער זיך גערעכנט פאַר אירע סימפּאַטיקער.

די דאָזיקע גרופּע איז געווען ביי דער מיינונג, אַז ביי די געענדערטע באַדינגונגען אין פוילן, ווען די נייע סאָציאַליסטישע רעגירונג האָט פּראָקלאַמירט די רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג זיך אויסצולעבן נאַציאָנאַל און גלייכצייטיק זיין אַבסאָלוט גלייכבארעכטיקטע בירגער אין פּאָליטישן און אין עקאָנאָמישן זין, איז נישט נאָר פאַראַן די מעגלעכקייט, נאָר עס איז אַפילו א נאַציאָנאַלער חוב צוריק אויפצושטעלן א יידישן ישוב אין פוילן. אַזאַ ישוב וועט דינען אַלס דער בעסטער ענטפער אַלע אַנטיסעמיטן, אַז ביי זייער גרעסטער בעסטיאַלישקייט וועט זיך זיי נישט איינגעבן צו פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק און אַפילו נישט קיין איין יידישן ישוב פון דעם פאַרנעם וואָס פוילן.

די דאָזיקע לעצטע מיינונג האָט אַנטשפּראָכן אין יענעם פעריאָד דער אָפיציעלער שטעלונג, וועלכע האָט מכמה טעמים געוואָלט געווינען די סימפּאַטיע פון דער מערב־וועלט.

מיטן אָנקומען פון קנאַפּע 200 טויזנט פוילישע יידן פון ראַטנפאַרבאַנד האָבן זיך געשאַפן צוויי צענטערס פון יידישער קולטור־שאַפונג; לאָדזש און וראַצלאַוו.

אין לאָדזש האָבן זיך קאָנצענטרירט די צייטשריפטן פון אַלע ריכטונגען, דער „פאַראיין פון די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן", דער „אַרטיסטן־פאַראיין", „די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע", און אין 1947 אויך דער פאַרלאַג „יידיש־בוך", די ליטעראַרישע חודש־שריפט „יידישע שריפטן", דאָס פּרעזידיום פון דער „קולטור־געזעלשאַפט", דאָס זיץ־אָרט פון יידישן טעאַטער.

אין נידערשלעזיען, אין דזיערזשאָניאָוו (ריכבאַך) איז געשאַפן געוואָרן נאָך אין סוף פון 1945 „די יידישע געזעלשאַפט פאַר קולטור און קונסט", וועלכע איז איבערגעגאַנגען צוזאַמען מיט דעם נידערשלעזישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט קיין וראָצלאַוו, דאָס נידערשלעזישע יידישע טעאַטער (פון דעצעמבער 1946 ביז 1949), א צענטראַלע יידישע ביבליאָטעק מיט 32 אָפּטיילונגען, א באַוועגלעכער יידישער פאָלקס־אוניווערסיטעט, א יידישער פאַרלאַג מיט אַן אייגענער דרוקעריי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן א צוויי־וועכנטלעכע צייטונג אויף דער יידישער שפּראַך א. נ. „נידערשלעזיע" און אין דער פוילישער שפּראַך „נאָווע זשיציע" מיט א טיראַזש פון 10 טויזנט עקזעמפּלאַרן. אין וראַצלאַוו איז אויך פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1946 די ערשטע יידישע קולטור־

* דער קאָמוניקאַט וועגן ליקווידירן אַלע פּאָליטישע ריכטונגען אין דער יידישער סביבה איז דערשינען אין נאָוועמבער 1949.

קאָנפערענץ, פאַר וועלכער עס זיינען פאָרגעקומען 130 פאַרזאַמלונגען מיטן אָנטייל פון 25 טויזנט יידן און אויף וועלכע עס זיינען אָנוועזנד געווען 400 דעלעגאַטן פון נידערשלעזיע גופא, אויסער געסט פון אַלע גרעסערע שטעט אין פוילן.

אין וואַרשע האָט זיך געפונען צו יענער צייט בלויז דאָס פּרעזידיום פון „צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן", וועלכער האָט אויסגעקליבן זיין זיץ־אָרט אין חורבן וואַרשע סיי צוליב פּראַקטישע טעמים, כדי צו זיין נאָענט פון די דעצידירנדיקע מלוכהשע פאַקטאָרן, סיי צוליב פּרעסטיזש־דעמאָנסטראַטיווע טעמים.

ווען מען זאָל זיך אָבער שאַפן א בילד וועגן דעם יידישן לעבן אין פוילן אין די ערשטע פּאָר יאָר נאָך דער באַפרייונג אויפן סמך פון דער סטאַטיסטיק, וועלכע מיר געפינען אין דער דעמלטדיקער פּרעסע, וועגן פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע, ווירטשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין די גרעסערע שטעט פון קאָנגרעס־פוילן, באַזונדערס אין לאָדזש, ווי אויך אין נידער־און אויבער־שלעזיע, וואָלט דאָס געווען א געפעלשט בילד. די דעצידירנדיקע און כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פון יענע יאָרן — די יאָרן פון קעלצער און קראָקעווער פּאָגראָמען און פון אומאויפהערלעכע רציחות איבער יידן טאָג־טעגלעך אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון פוילן — זיינען געווען נישט דאָס אויפקומען פון אַזעלכע אָדער אַנדערע אינסטיטוציעס, ווי די יידישע קאָמיטעטן, אָפּטיילונגען פון „אָרט", „טאָז", „דזשאַינט", קינדער־ און זקנים־הייזער, שפּיטאָלן, קיכן, שולן, דראַמקרייזן, כאָרן און ד. גל., נאָר דאָס קורצע לעבן פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען נאָך געציילטע טעג אָדער חדשים פאַרשוואונדן געוואָרן מחמת דעם גרויסן און אומאויפהערלעכן שטראָם פון אויסוואַנדערער, וועלכע זיינען די נעכט אויסגעזעסן מיט צעפּלאַטערטע און דערשראָקענע הערצער אויף די פעקלעך, און אין די טעג געצויגן אין די טויזנטער צו די גרענעצן. פוילן איז געווען ווי אַן איבערוואַנדערונגס־פּונקט, אויף וועלכן יעדן טאָג באַוויזן זיך נייע פּנימער, און די פאַרהעלטנישמעסיק קליינע גרופּע פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוער, וועלכע זיינען געווען אָריענטירט צו בלייבן, האָבן אויסגעזען ווי באַאַמטע אויף א וואָקזאַל.

אין דער דאָזיקער סיטואַציע איז דער גייסטיקער מצב פון די שרייבער און קולטור־טוער געווען א טיף־טראַגישער, כמעט אַן אויסוועגלאָזער. פון די חורבות און בערג מיט ציגל האָבן זיי נאָכגעקוקט זעקס מיליאָן אויסגעשאָכטענע יידן, און זיי האָבן נישט געהאַט אַפילו וועמען צו זאָגן: זיי געטרייסט, מיין פאָלק, ווייל ס'איז מער קיין פאָלק נישט געווען. די טויזנטער יידן, וועלכע זיינען טאָג־טעגלעך געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, פון באַהעלטענישן, פון מיליטער, צי פון די פּאַרטיזאַנער, האָבן נאָך נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום אָרגאַניזירטן ציבור. דאָס זיינען געווען עלנטע רעשטן פון אַן אויסגעהרגעט פאָלק.

די דאָזיקע שטימונגען זיינען געקומען צום אויסדרוק אויף דער פאַרזאַמלונג פון יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין, וועלכע איז פאָרגעקומען אין לאָדזש דעם 10־טן מערץ 1946.

„די ערשטע גרויסע דיסקוסיע איז געווען קודם־כל א זוכעניש פון דעם הויפּט־טראַקט, פון דער אָריענטיר־ליכט, — שרייבט ב. מארק, — וואס זיינען יידן — א גייסטיק פאראייניקטע גרופּע פון שבטים, אפּגעטיילט דורך גרענעץ־ און שפּראַך־מחיצות, צי א וועלט־פאָלק. ווו געפינען זיך אצינד, נאָך דער שוידערלעכער קאַטאסטראָפע פון פוילישן יידנטום, די העגעמאָנישע צענטערן פון יידישן לעבן — אין אמעריקע, אין ארץ־ישראל, אין ראטנפאַרבאנד ? וווהין גראַוויטירן די געפילן פון די לעבן געבליבענע אייראָפּעישע יידן ? ווו האלט עס ביי אונדז מיטן געדאנק פון מלכות־ישראל, און צי האָט די יידישע קולטור א צוקונפט אין דעם אָדער יענעם לאנד פון אונדזער היסטאָרישן וואנדער? . . .״

געוויסע אנטיילנעמער פון דער דיסקוסיע האבן געפּרוווט זוכן א מיסיע פארן באשיידענעם יידישן קיבוץ אין פוילין. בעסער געזאָגט — פאר דער יידיש־פוילישער ליטעראטור. אנדערע — צו לייזן דאָס פּראבלעם פון דער שארית־הפליטה דורך א היים־צענטער אין ארץ־ישראל. טייל דיסקוטאנטן האבן באטאָנט, אז איינס שליסט אויס דאס צווייטע, טייל — אז דאָס זיינען צוויי אויסשטראַלונגען פון איין זעלבסט־דערהאלטונגס־באגער פון דעם יידישן וועלט־פאלק. פון דעם, צי עס איז ריכטיק די ערשטע הנחה, צי די צווייטע, דרינגען ארויס די גרונט־אויפגאבן פון אונדזער ליטעראטור אין נייעם פוילן. . .

„פאר די שרייבער שטייט די ריזיקע אויפגאבע — פאראייביקן די יידישע געשטאלטן און טיפּן, וועלכע זיינען אוועק אויף שטענדיק, אויפלעבן אין דער ליטעראטור א ישוב, פון וועלכן עס איז אפילו קיין בארג אש ניט געבליבן ; אויסזינגען סיי דאָס געווין, וואָס דאַרף אָפּהילכן אויף א מהלך פון א סך וויטערדיקע דורות, סיי דעם גרויסן עפּאָס פון ווידערשטאנד אין זיין טיפער טראגיק און ביישפּיללאזער העראָיק ; געבן א בילד פון די וועגן פון יידישן וואנדער אין משך פון די זעקס יאָר און אויסזוכן די שטריכן, די קאנטורן, און די טענדענצן פון דעם באנייטן ישוב אויף די חורבות פון פוילן״.

ווי עס איז צו זען פון דער דאָזיקער עסייאיסטישער רעלאַציע פון ב. מארק, האָט די קליינע גרופּע יידישע שרייבער אָפּגעשפּיגלט דעם געדאנקען־גאנג, פאראינטערעסירונגען און מיינונגס־פארשידנהייטן, וועלכע האָבן געהערשט צו יענער צייט צווישן דער יידישער באפעלקערונג. די דאָזיקע מיינונגס־פארשידנהייטן האבן אויך אנטשפּראָכן די פּערזענלעכע האַנדלונגען פון די שרייבער, פון וועלכע א גרויסער טייל האָט איניגיכן פארלאָזט פוילן אויף שטענדיק, א צווייטער איז נאָך געבליבן אויף דערווייל, און א דריטער האָט אויפריכטיק געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון המשך, דערמוטיקט דורך די דעמלטדיקע מלוכהשע דעקלאראציעס וועגן דער אלזייטיקער גלייכבארעכטיקונג פון די יידישע בירגער אין אלע געביטן און אין אלע היניזיכטן. די דאָזיקע לעצטע גרופּע שרייבער האָט אָנגעהויבן אנטוויקלען אן אינטענסיוו קולטור־שעפערישלעבן, אָנשפּארנדיק זיך אויף אייניקע גרונט־הנחות און גרונט־אויפגאבן. נעמלעך : אז קיין שום יידישער קיבוץ אויף דער גאָרער וועלט האָט נישט פארמאָגט אזא טיף פארוואָרצלטע און גייסטיק רייכע יידיש־שעפערישע קולטור־טראדיציע, אז אויף דער פוילישער ערד איז פארגעקומען דער העראָישער געטאָ־אויפשטאנד, וועלכער דאַרף געפינען זיין געשטאלטיקונג אין דער ליטעראטור און קונסט, און אז עס פאדערן פאראייביקן זייער אנדענק די מיליאָנען אומגעקומענע יידן.

פון א וויטערער פּערספּעקטיוו פארלירן די אויבנדערמאנטע מיינונגס־פארשיידנהייטן צווישן די שרייבער זייער דעמלטדיקע חשיבות. די נאציאנאלע אויפגאבן פון דער יידישער ליטעראטור זיינען איבער אָרט און צייט. ווי פארשידן עס זאלן נישט האָבן געווען די מיינונגען און סטילן פון דער רעשט אָפּגעראטעוועטע יידישע שרייבער אין יענע בראשית־דיקע טעג נאָכן מבול און ווי קעגנזעצלעך זאָלן נישט האָבן זיך פונאנדערגעגאנגען זייערע וועגן, זיינען זיי דאך אלע פארבליבן אין פארכישופטן קרייז פון זייער פאָלק. מיט וואס פאר א שטראָם און אין וועלכער ריכטונג א פיש זאל נישט שווימען, בלייבט ער אלץ אינעם טייך.

אָנהויב 1947 איז ביים פארלאג „דאס נייע לעבן״ געשאפן געוואָרן „די קליינע ביבליאטעק״, וועלכע האט זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע ארויסגעבן פּראָזע, פּאָעזיע און קריטיק אין קליינע העפטן פון צוויי ביז דריי בויגן. און שוין אין ערשטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ, אין יאָר 1947, האָט דער פארלאג ארויסגעגעבן 7 העפטן, נאר אין הסכם מיטן פּלאן — קליינע אויסגאבן, אלע צוזאמען 35 בויגן. אין 1948 גיט ארויס דער פארלאג נאָר 6 העפטן, אָבער פיל גרעסערע — צוזאמען 44 בויגן.

אין יאָר 1949 האָט „די קליינע ביבליאָטעק״ זיך פארוואנדלט אין דעם זעלבשטענדיקן פארלאג „יידיש־בוך״, וועלכער האָט די ארויסגעבערישע טעטיקייט אויסגעברייטערט אויף פיר סעקטאָרן : אָריגינעלע שאפונגען (פּאָעזיע, פּראָזע און קריטיק), שאפונגען פון שרייבער אין געטאָ, געשיכטע און איבערזעצונגען. די אנטוויקלונג פון פארלאג איז געגאנגען בהדרגהדיק פאָרויס. שוין אין 1949 דערשיינען 9 העפטן און אין 1950 — 11 העפטן.

אָבער גראָד אין דעם יאָר האָט דאָס יידישע שאפן אין פוילן דורכגעמאכט צוויי ערנסטע קריזיסן, וועלכע האָבן געהאט זייער ווירקונג ביז אין אָנהויב פון די זעכציקער יארן. איינער איז געווען פון א ריין מאטעריעלן כאראקטער, דער פּלוצעם פארקלענערטער טיראזש מחמת דעם מאסן־ארויספאָר פון מער ווי א דריטל פון דער יידישער באפעלקערונג, דער עיקר — קיין ישראל. דער צווייטער האָט געטראָגן א ריין אידעיש־פּאָליטישן כאראקטער, וועלכער איז באשטאנען אין דעם באהערשן צו דער דאָזיקער צייט דורך דעם סטאליניזם דאס גאנצע לעבן אין פוילן — דאָס פּארטייאישע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און די קולטור אין אלע אירע זשאנרען. אין דער ליטעראטור און קונסט, וועלכער ס׳איז געגעבן געוואָרן אין פוילן ביז דעמלט א געוויסע פרייהייט אין זין פון מעטאָדיק און ריכטונג, האָט אָנגעהויבן פארפליכטן דער ווולגארער סאָציאליסטישער רעאליזם, ווי ער איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם רעפעראט פון זשדאנאָוון אויפן פּארטייאישן אקטיוו בעתן שרייבער־צוזאמענפאר אין לענינגראד אין 1946. די דעקרעטירונג וועגן סכעמאטישן און מעכאנישן אריבערטראָגן די יסודות פון דער דעמלטדיקער סטאליניסטישער פּארטייאישער פּאָליטיק אויף דעם געביט פון קינסטלערישן שאפן איז נישט בלויז געווען אַן־און־פאַר זיך עפּעס קעגנזעצלעכעס צום וועזן פון קונסט. עס איז אויך נישט געווען אין איינקלאנג מיט די שטימונגען אין דער סביבה פון די יידישע שרייבער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. די מאסן־שחיטה פון יידישן פאָלק דורך היטלערן און נישט ווייניק מיטהעלפער אויך פון

אזעלכע פעלקער, וועלכע האבן שוין געהאט היגטער זיך צענדליקער יאָרן פון סאוויעטישער דערציונג, האָט זיך נישט געלאָזט אויסטייטשן מיט די סכעמאטישע פאָרמולעס פון קלאסנקאמף. עם האט זיך געפילט די נויטווענדיקייט צו באטראכטן דאס גאנצע אזוי געוופענע ידן־פראבלעם פונסניי — גאר פון אן אנדער שטאנדפונקט און גאָר אויף אנדערע יסודות.

די ידישע שרייבער פון פוילן, וועלכע האבן זיך אָפגעראטעוועט אין ראטנפארבאנד און וועלכע האָבן געהאט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט די סאָוויעטיש־יידישע גרויסע פראָזאיקער און דיכטער אין מינסק, לעמבערג, ביאליסטאק און אין די לעצטע יאָרן פון דער מלחמה — אויך אין מאסקווע, זיינען נישט בלויז נישט געווען באווירקט פון זיי אין דער ריכטונג פון דערשטיקן זייער מיטגעבראכטע פון פוילן יידישקייט, נאָר פארקערט — זי איינצוהיטן און פלעגן. מען קען זיך פאָרשטעלן די פסיכישע צעטומלונג פון דער קליינער גרופע, וועלכע איז פון די דאָזיקע שרייבער נאָך פארבליבן אין פוילן, ווען צוזאמען מיט דער איוב־בשורה וועגן דעם ארעסט פון די ידישע שרייבער און קולטור־טוער אין מאָסקווע האבן זיי נאָך, אין הסכם מיט דער נייער קולטור־פאליטיק פון סוף פערציקער יאָרן אין פוילן, געמוזט זייערע טרויער־לידער נאָך דעם אומקום פון פוילישן ידנטום זאָגן אין נוסח פון סאציאליסטישן רעאליזם לויטן זשדאנאָווישן שולחן־ערוך.

א גרויסער טייל פון די אָנגעזעענסטע שרייבער האבן דעריבער אין די יאָרן פארלאזט פוילן צוזאמען מיט די טויזנטער מיטגלידער פון פארשיידענע ציוניסטישע ריכטונגען און פון "בונד" — אויפן סמך פון רשימות פון זייערע אָרגאניזאציעס איז זיי דערלויבט געוואָרן אויסצוואנדערן.

דאָס זענען געווען אזעלכע שרייבער, ווי ישראל אשנדארף, י. אקרוטני, נחום באָמזע, משה גראָסמאן, גוטע גוטערמאן, יצחק גוטערמאן, אלחנון וואָגלער, מ. וואלדמאן, אברהם זאק, רייזל זשיכלינסקי, יצחק יאנאסאוויטש, ח. ש. פוקס, אפרים קאגאנאווסקי, י. קוטשער, נחמן ראפ, ישעיהו שפיגל, און פיל אנדערע.

די מערהייט פון די שרייבער האָט שוין געהאט פארעפנטלעכט זייערע שאפונגען אין "יידיש־בוך" — לידער און פראָזע — אין וועלכע זיי האָבן געבראכט צום אויסדרוק זייערע שווערע איבערלעבונגען אין דער צייט פון דער מלחמה. די דאָזיקע שאפונגען זענען געווען, פארשטייט זיך, פון פארשידענער קוואליטעט, אָבער אין א גלייכער מאָס דורכגענומען פון דעם גרויסן אומגליק פון זייער פאָלק און פון א טיף נאציאָנאלן געפיל, וואָס האָט זיך געווערט קעגן יעדער גלייכשאלטונג.

פארבליבן זענען דאמאָלט אין פוילן דער עיקר די, וואס האָבן געהערט צו דער פארמלחמהדיקער לינקער שרייבער־גרופע, אָדער צו אירע סימפאטיקער. דאס זענען געווען די שרייבער בינעם העלער, יצחק טורקאָוו־גרודבערג, בערל מארק, מ. מירסקי, הערשל סמאליאר, ד. ספארד, הדסה רובין, משה שקליאר, דוד רויטענבערג, ווי אויך ל. אָליצקי, י. זאָנשיין, מ. זאלצמאן, ש. לאסטיק, קלמן סעגאל, יוסף סאנדעל, לייבל קופערשמידט און א. רייזמאן. שפעטער זענען צו די דאָזיקע שרייבער נאָך צוגעקומען פון ראטנפארבאנד ש. בעליס, מ. טעמפל און י. גוטקאוויטש און צווייי שרייבער, וועלכע האבן אנגעהויבן צו זיין ליטעראריש אקטיוו שוין אין נייעם פוילן — דער דיכטער פ. ציבולסקי און פראָזאיקער ש. שטראוס־מארקא. די שווערע איבערלעבונגען אין ראטנפארבאנד, אָפט נישט בלויז פון מאטעריעלן כאראקטער, האָט א טייל פון די שרייבער זיך באמיט אויסצוטייטשן מיט די שווערקייטן פון מלחמה, כאָטש אונטער די אויסטייטשונגען האָבן שוין געריזלט קאלטע שטראָמעלעך פון ספקות. א טייל פון די דאָזיקע שרייבער האָבן זיך באמיט פונדעסטוועגן די פרינציפן פון סאָצרעאליזם אריבערטראָגן אויך אין דער יידישער שעפערישער סביבה און אונטערוואַרפן זיי די יידישע ספעציפישע טעמאטיק פון נאָך דעם היטלער־חורבן. (אנדערע זענען דערצו געווען געצוווּנגען, אויב זיי האבן געוואלט זייערע שאפונגען פובליצירן. — באמערק. פון רעד.)

די אידעאָלאָגישע יסודות פון קינסטלערישן שאפן ווערן צו יענער צייט דעפינירט אויף פאָלגנדיקן אופן:

ערשטע פונקציע — "זיי דארפן העלפן אין פארשארפטן קלאסנקאמף איבערגעשטאלטיקן אונדזער היינטיקע פוילישע ווירקלעכקייט אין א סאָציאליסטישער", ד. ה. אז "דאָס קולטור־שאפן דארף אינטעגראל דורכגענומען ווערן מיט דער קעמפערישער אידעאָלאָגיע פון פראָלעטאריאט, דארף ברעכן יעדן פרווו אייגצוהאלטן אויפן קולטור־ און קונסט־געביט די פארמלחמהדיקע און נאכמלחמהדיקע איינפלוסן פון בורזשואזן אָדער קליינבירגערלעכן כאראקטער, דארף באקעמפן יעטוועדן מין עקלעקטיק. סמנים פון דעם אָנהויב פון דער קולטור־אָפענסיווע אין מלוכהשן מאשטאב זעען מיר צווישן אנדערן אין די לעצטע דריי צוזאמענפאָרן פון די פוילישע קולטור־שעפער: דראמאטורגן, פלאסטיקער און מוזיקער. אויף די דאָזיקע צוזאמענפאָרן איז דייטלעך און קלאָר געשטעלט געוואָרן די אויפגאבע פון איבעראָריענטירן זיך אויפן מעטאָד פון סאָציאליסטישן רעאליזם".

"אלזא רעאליזירן די אידעאָלאגישע פונקציעס פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט איז אויך די אוממיטלבארע אויפגאבע פון דער יידישער געזעלשאפט אין איר טעאָרעטישער און פראקטישער טעטיקייט".

די צווייטע פונקציע דארף באשטיין אין דעם, וואָס "ביים פאָרסירן דעם פראָצעס פון דער קולטור־רעוואָלוציע ביי אונדז אין פוילן דארף די סאציאליסטישע קולטור פון ראטנפארבאנד זיין דער מאָדעל, פון וועלכן מען דארף זיך כסדר לערנען, וועלכע דארף געלייגט ווערן אין יסוד פון דער קולטור־בויונג ביי אונדז אין לאנד, ווייל די סאָוויעטישע סאָציאליסטישע קולטור איז דער העכסטער עטאפ אין דער אנטוויקלונג פון דער קולטור פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט פון אונדזער עפּאָכע".

די דריטע פונקציע דארף זיין "דער רעוואָלוציאָניזירנדיקער כאראקטער פון אונדזער קולטור־שאפונג, (וועלכע) דרינגט ארויס פון די אויפגאבן צו רעאליזירן די אידעאָלאָגישע פונקציעס פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט"*).

אויך אין באריכטס־רעפעראט אויף דעם זעלבן צוזאמענפאָר ווערט אונטערגעשטראָכן "דער פולשטענדיקער איבערברוך אין דער טעטיקייט פון דער קולטור־געזעלשאפט אונטער דער ווירקונג פון דער אלזייטיקער פארטיפטער דיסקוסיע אויף די פלענומס פון צענטראל־קאָמיטעט פון דער פוילישער פאראייניקטער ארבעטער־פארטיי פון 6־טן און 7־טן יולי און פון 31־טן אויגוסט ביז דעם 3־טן סעפטעמבער 1948 וועגן דעם

* באריכט פון לאנדצוזאמענפאר פון דער ייד. קולטור־געזעל. אין פוילן". פארלאג "יידיש בוך" 1949.

רעכט־נאַציאַנאַליסטישן אַפנייג אין דער פארטיי, וועלכע האבן אריינגעטראַגן א קלאַרקייט אין דער טעאַרעטישער און פראקטישער אַנווענדונג פון די גרונט־יסודות פון מארקסיזם־לעניניזם אויף אלע געביטן".

דער ענין מיטן רעכט־נאציאנאליסטישן אַפנייג, וועלכער האַט אין פוילן, פונקט ווי אין אלע אנדערע סאטעליטן־לענדער פון מאַסקווע, געהאט די אויפגאבע צו סטאליניזירן דאַס גאנצע לעבן אין לאנד, האַט געהאט א דעצידירנדיקע השפעה אויף דער יידישער קולטור־טעטיקייט, ענדערנדיק אירע פאַרמען און אינהאלט אויף אלע געביטן.

אויף דעם געביט פון ליטעראטור האט דער דאַזיקער פראַצעס געווירקט סיי אויף דער טעמאטיק, סיי אויף דעם אידעיש־קינסטלערישן צוגאנג.

וואַס איז שייך דער טעמאטיק האַבן — אנשטאט די שאַפונגען וועגן אומקום און גבורה, ווי אויך באשרייבונגען און זכרונות, וועלכע האַבן דערמאנט אין דעם טראגיש פארשניטענעם לעבן פון אמאַל — אַנגעהויבן נעמען די אויבערהאנט שאפונגען, וועלכע האַבן באדארפט אפשפיגלען "די פריידיקע ווירקלעכקייט פון היינט", רעוואַלוציאנערע טעמאטיק פון דער פארגאנגענהייט, איבערזעצונגען פון דער סאַוויעטישער סאַצרעאליסטישער ליטעראטור און... די יידישע קלאסיק, צו וועלכער — נאַך דעם ארעסט און מאַרד פון די סאַוויעטישע יידישע שעפער — עס האַט זיך איינגעשרומפן כמעט די גאנצע יידישע ליטעראטור.

וואס אנבאלאנגט ווידער דער געענדערטער אידעיש־קינסטלערישער איינשטעלונג, האַט זי אין דער יידישער סביבה זיך אויסגעדריקט קודם־כל אין באקאנטן פרינציפּ פון דער סאַצרעאליסטישער טעאַריע וועגן קריטישן צוגאנג צו ירושהדיקייט. דאַס האַט באטייט נישט בלויז סעלעקציע לגבי קינסטלערישע און בכלל קולטור־ווערטן פון דער פארגאנגענהייט אין הסכם מיטן פרינציפּ פון קלאסנקאמף, נאר אויך געהעריקע קאַמענטארן צו פיל פון די דאַזיקע ווערטן, וועלכע האַבן געענדערט זייער תוך אין דער באגערטער און צוועקמעסיקער ריכטונג. עס האַט געהייסן: באנעמען די פארגאנגענהייט אין ליכט פון דער קעגנווארט, וואַס איז אַן־און־פאַר זיך דיסקוטאבל, אַבער ווען זי ווערט נאַך דערצו קינסטלעך פארגוואלדיקט דורך א פון פאַרויס באשטימטער פאַליטישער טענדענץ, דאן איז עס מסוגל צו פארקריפלען דעם ערשטיקן אַריגינעלן אינהאלט. דער דאַזיקער מעטאַד איז אַנגעגאנגען אין דער ליטעראטור, אין טעאטער, אין דער קונסט און אין דער געשיכטע. ער האט זיך באדינט מיט דער הילף פון פאר־שיידענע פארטייטשונגען, אויסטייטשונגען, אריינטייטשונגען, מאַנטאזשן פון די ווערק פון איין שעפער, אדער פון עטלעכע און מיט ציטאטן.

די "ציטאַטאַלאַגיע" איז געוואַרן איינער פון די גרעסטע קונסט — און קונץ־ קענשאפטן, ספעציעל ציטאטן פון אנערקענטע אויטאַריטעטן. זיי האַבן נישט בלויז געשאפן דעם איינדרוק פון וויסנשאפטלעכער באגרינדונג, נאַר דער עיקר — זיי האבן אַפגענומען יעדע מעגלעכקייט פון אַפאַנירן, פון קעגנשטעלן זיך. מחמת אויב אזא און אזא אויטאַריטעט האט ארויסגעזאַגט אזא און אזא מיינונג מעג דאַס זיין אויף א געביט, אויף וועלכן דער דאַזיקער אויטאריטעט האַט נישט די מינדסטע אנונג — איז ווער וועט וואגן צו זאַגן אנדערש.

מיט דעם דאַזיקן "מעטאַד פון קריטישן צוגאנג צו דער פארגאנגענהייט" זיינען געוואַרן באלויכטן פארשיידענע גע־שטאלטן פון דער קלאסיק און געזאמלטע שאפונגען, פארטושנדיק מיט אלע מעגלעכע מיטלען דאַס קאַנקרעט־יידישע, און נאַך מער, דאַס געמיינזאם־יידישע, ארויסהייבנדיק באזונדערס דאַס אבסטראקט־ אלגעמיינע און קלאסן־אנטאגאַניסטישע, ווי די העכסטע ראנג פון מענטשלעכקייט.

דער דאַזיקער מצב האַט זיך געצויגן אין א שטייגנדיקער ליניע פון 49־טן יאַר ביז אין דעם 57־טן. ער איז בולט אַפגעשפיגלט געוואַרן אין דער טעמאטיק פון די דערשינענע ביכער און אין די שרייב־מעטאַדן, באזונדערס אין די קריטישע אַפהאנדלונגען פון יענער צייט, וועלכע זיינען געוואַרן פארעפנטלעכט אין דער "פאַלקס שטימע", אין "די יידישע שריפטן" אדער אין בוך־פאַרמאט. דער אויבערפלעכלעכסטער אריינבליק אין די דאַזיקע אויסגאבן, אַדער אין דער רשימה פון די ארויסגעגעבענע ביכער אין יענע יאַרן וועט גלייך באשטעטיקן דאַס אויבנגעזאַגטע.

אזוי, למשל, וואַס איז שייך דער טעמאטיק, זיינען ביז אין 1949 דערשינען 13 ביכער און פון זיי האַבן אן ערך 9 זיך פארנומען מיט דער געטאַ־טעמאטיק — סיי אין ליד, סיי אין פראַזע. פון 1949 דערשיינען שוין דער עיקר ווערק פון דער יידישער קלאסיק, וועלכע זיינען כשר לכל הדעות, איבערזעצונגען פון דער סאוויעטישער ליטעראטור, וועלכע איז צו יענער צייט געווען מערסטנטייל א סאצרעאליסטישע, אויסער קליינע אויסנאמען, און אייניקע שאפונגען פון די פויליש־יידישע שרייבער אויף אקטועלער טעמאטיק, ווי "פרילינג אין פוילן" פון בינעם העלער, "ביי דער ארבעט קלינגט דאס ליד" פון ל. מאַרגענטוי, "פעלדער גרינען" פון א. רייזמאן און ד. גל. עס דערשיינען אויך אין די יארן ווערק אויף רעוואלוציאנערער טעמאטיק, אדער אזעלכע, וועלכע זיינען אין גייסט פון א קריטישן צוגאנג צו דער פארגאנגענהייט, ווי "א פשוטער זעלנער" פון ה. סמאַליאר, "שרייבער און ביכער", און "שטודיען און שקיצן" פון ד. ספארד, "מיטן פנים צום מאַרגן" פון ש. לאסטיק, "פראַבלעמען פון ליטעראטור און קריטיק" פון מ. מירסקי, "אַפּקלייב", "דאַדיע קאַוואל" פון ל. אַליצקי און ד. גל.

דעם 9־טן אפריל 1951 איז פארגעקומען א ספעציעלע זיצונג פון פרעזידיום פון קולטור־געזעלשאפטלעכן פארבאנד מיט די יידישע שרייבער, זשורנאליסטן און קולטור־טוער, אויף וועלכע א סך אַנטיילנעמער האַבן געשטראַפט די יידישע ליטעראטור פאר איר נישט האלטן טראַט מיט דער נייער ווירקלעכקייט, אויך אַ טייל שרייבער גופא, וועלכע האַבן די ליטעראטור געשאפן. אייניקע פון די אנטיילנעמער פארגלייכן די יידישע ליטעראטור פון דער לעצטער צייט אין פוילן (פארשטייט זיך, אז בלויז לויט איר ריכטונג און טעמאטיק) מיט דער ליטעראטור אין ראטנפארבאנד און מיט דער פוילישער ליטעראטור, און ווייזן אַן, אז דאַרט קומט פאַר "פאראלעל מיטן שילדערן די העראַיק פון קאמף בעת דער אַקופאציע־צייט, אויך אן אויפשטייג אין דער ליטעראטור מיט א היינטצייטיקער טעמאטיק", אין דער צייט, ווען דער יידישער שרייבער "שפיגלט ניט אַפ אין זיין שאפן די היסטארישע

ענדערונגען אין אונדזער געזעלשאפט, אינעם לעבן פון די יידישע ארבעטנדיקע".

אנדערע שטעלן פעסט, אז "די לעצטנס דערשינענע יידישע ביכער אנטשפרעכן נאָך נישט פולשטענדיק אונדזער היינטצייטיקייט". אין זעלבן גייסט זאָגן זיך ארויס כמעט אלע שרייבער, א טייל גייט נאָך ווייטער, האלטנדיק, אז דאס דערנענטערן זיך צו דער נייער ווירקלעכקייט איז נאָך וויניק, מען דארף אוממיטלבאר אָנטיילנעמען אין איר, "שטיין אויף די פּאָזיציעס פון קאמף", וואָס הייסט ביים היינטיקן טאָג, שטיין אויף די פּאָזיציעס פון בויונג, און אז שרייבן וועגן דער פארגאנגענהייט האָט א זין נאָר דעמלט, ווען עס איז אזוי געשריבן, "אז עס סטימולירט די טעטיקייט פון היינט, אויב נישט האט אזא שרייבן וועגן דער פארגאנגענהייט נישט קיין ווערט". און אז "אפילו שוואכערע לידער, דערציילונגען און רעפּאָרטאזשן פון דער היינטצייטיקייט זענען פיל וויכטיקער אידער די אבסטראקטע ווערק וועגן נעכטן". עס זענען אויך געווען אזעלכע, וואָס האָבן אין זייערע אויפטריטן זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט אלגעמיינע עצות די שרייבער, נאר אפילו געגעבן קאָנקרעטע טעמעס.

דער לאָזונג, מיט וועלכן מען איז אומאויפהערלעך געקומען צו אלע קינסטלער, איז געווען "מיטן פנים צו אונדזער נייער ווירקלעכקייט", אָדער "צו אונדזער נייער גרויסער ווירקלעכקייט".

אין נומער 145 פון "דאָס נייע לעבן" פון 1952 איז אָפּגעדרוקט א באריכט פון א לאנד־בעראטונג פון יידישע שרייבער, אויף וועלכער דער רעפערענט שטעלט קלאָרע אויפגאבן פארן יידישן שרייבער. "עס גייט אין דעם, אז דער שרייבער זאָל אויפנעמען און פארשטיין דעם גרונט־פּראָצעס פון דער אנטוויקלונג, וואָס עס מאכט דורך אונדזער לאנד אויפן וועג צו א שענער און בעסער לעבן". אָנשפּארנדיק זיך אליין אויף א רעפעראט פון ביערוטן אויף א פלענום פון דער פארטיי, זאָגט דער רעדנער, "אז דער גרונט געדאנק פון ביערוטס רעפעראט וואָלט מען געקענט פאָרמולירן אין געציילטע ווערטער. "אין די נייע באדינגונגען — ארבעטן אויף א נייעם אופן". שילדערן דאס לעבן פון ארבעטער און פויערים, זייער טרויעריקן נעכטן און גליקלעכן היינט... אין אונדזער לעבן — זאָגט ווייטער דער רעדנער — נעסטיקן נאָך אלטע געוווינהייטן, טראדיציעס, איבערלעבענישן פון דער אלטער וועלט, א סך פון אונדז, וואס פארעכענען זיך שוין צו דעם באוווסטזיניקן טייל פון דער געזעלשאפט טראָגן נאָך אין זיך די דאָזיקע איבערלעבענישן פון נעכטן. באקעמפן זיי, אויסקאָרטשעווען אונדזערע שלעכטע געוווינהייטן און דעמאסקירן דעם בורזשוי־פאראזיט, ארויסברענגען זיין העסלעכקייט און גייציקייט — איז די אויפגאבע פון שרייבער".

מער וויניקער אין דעם גייסט האָבן זיך ארויסגעזאָגט אלע אָנטיילנעמער אין דער בעראטונג. די ראָל פון דער קונסט איז געוואָרן רעדוצירט צו א דינערן פון דער פּאָליטיק, פונקט ווי די פילאָזאָפיע אין מיטלאלטער לגבי דער טעאָלאָגיע, און דאָס א דינערין פון א באשטימטער פּאָליטיק, וועלכע האָט אויסגעשלאָסן קאטעגאָריש אלע אנדערע. אָפּהענגיק דערפון האָט זיך אלץ מער און מער רעדוצירט די ראָל פון די כשרע שעפער און אפילו פון כשרע טעמעס, שרייבן האָט מען פארשטייט זיך געקענט וועגן אלץ, אָבער יעדער סיוזשעט האָט שוין אנטהאלטן אין זיך דעם אופן פון זיין באהאנדלונג.

דער דאָזיקער מצב האָט דאָך נישט באווירקט דעם פארשפּרייט. דער טיראזש פון יידישן בוך איז געוואקסן פון יאָר צו יאָר, דערגרייכנדיק אין יאָר 1953 צו דער ריזיקער, אין פארגלייך מיט דער יידישער באפעלקערונג, צאָל פון 5314 יערלעכע אבאָנענטן (אין 1952—4500). עס איז אויך אומאויפהערלעך געשטיגן די צאָל געדרוקטע ביכער און בויגנס. אזוי, למשל, איז אין 1947 דערשינען 7 ביכער, 560 זייטן; אין 1948 — 6 ביכער, 690 זייטן; 1949 — 9 ביכער, 1128 זייטן; אין 1950 — 11 ביכער, 1498 זייטן; אין 1951 — 19 ביכער, 3590 זייטן; אין 1952 — 14 ביכער 3248 זייטן; אין 1953 — 15 ביכער, 3228 זייטן.

די סיבות פון דעם ריזיקן טיראזש אין פּראָפּאָרץ צו דער גרויס פון דער יידישער באפעלקערונג זיינען געווען פארשיידענע. איינע פון זיי איז בלי ספק געווען די ענערגישע ווערבירונגס־אקציע פון אבאָנענטן פארן יידישן בוך יעדעס יאָר, וועלכע האָט זיך פארוואנדלט שיעור נישט אין א פּאָלקס־קאמפאניע. אזוי למשל, זיינען בעת דער בוך־ווערבירונג פון 1953 דורכגעפירט געוואָרן אין 33 שטעט 110 קאָנפערענצן און 32 אוונטן מיטן אָנטייל פון יידישע שרייבער און געזעלשאפטלעכע טוער, אויף וועלכע עס זיינען געווען אָנוועזנדיק העכער 10 טויזנט מענטשן *).

די צווייטע סיבה איז געווען די אויסגעהונגערטקייט פון די פוילישע יידן נאָך א יידיש וואָרט. די קוואדראט־אותיות, אומאפּהענגיק פון זייער אינהאלט, האָבן געוועקט ווייטיקלעכע רעמיניסצענצן פארבונדענע מיט די טייערע געשטאלטן, וועלכע זיינען אויף אזא טראגישן אופן פארשווונדן.

און די דריטע סיבה איז די צוציונגס־קראפט, די קינסטלערישע און נאציאָנאלע, פון די יידישע קלאסיקער.

דער דאָזיקער מצב סיי אין קינסטלעריש־אידעאָלאָגישן זין, סיי אין אָרגאניזאציאָנעלן, האָט אָנגעהאלטן ביז העלפט פון די 50־ער יאָרן, ווען באדייטנדיקע געשעענישן האָבן געענדערט אויף א וועזנטלעכן אופן סיי די אידעאיש־קינסטלערישע איינשטעלונג, סיי דעם מאסן־פארשפּרייט פון יידישן בוך. אויף דער ערשטער ענדערונג האָבן געווירקט די אויפגעדעקטע פארברעכנס פון סטאלינען און דער אזוי גערופענער "פוילישער אָקטאָבער". אויף דער צווייטער — די מאסן־עמיגראציע פון יידן, נאָר וואָס געקומענע קיין פוילן מיט דער צווייטער רעפּאַטריאציע פון ראטנפארבאנד, צוזאמען מיט די יידן, אלטע תושבים. ווי דורך א כישוף זיינען פלוצעם אויפגעקומען נייע איינשטעלונגען און נייע פאָרמולירונגען אויף דעם געביט פון ליטעראטור.

אויף דער פארזאמלונג פון די יידישע שרייבער, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 20־טן מאי 1955 אין ווארשע מיטן אָנטייל פון יידישע געזעלשאפטלעכע טוער, זיינען באהאנדלט געוואָרן אזעלכע פראגן ווי 1) אויסברייטערן די פארבינדונגען מיט אלע צענטערס פון דער יידישער ליטעראטור אין דער וועלט; 2) טיפער גרייכן צו דעם געשיכטלעכן שורש פון יידישן פאָלק, און 3) אויסקלאָרן די פערספּעקטיוון, וועלכע

* "פאָלקס־שטימע" נומ. 35 פון יאָר 1953.

עפענען זיך אין שייכות מיטן גרויסן פּראָצעס פון דעמאָקראַטיזירן דאס פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע לעבן אין ראטנפארבאנד און אין אלע פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער. אין באריכט פון דער פארזאמלונג (״פאָלקס־שטימע״ פון 26־טן מאי 1955, נומ. 85) קומען די אויבנדערמאָנטע פּראָבלעמען קלאָר און איינדייטיק צום אויסדרוק.

״אויב עס גייט וועגן דער ערשטער פראגע — זאָגט זיך אין דעם באריכט — איז דאכט זיך פאר קיינעם קיין סוד נישט, אז אין די יאָרן פון דער ״קאלטער מלחמה״ און אין דער אטמאָספער פון חשד און אומצוטרוי צו אלץ און אלעמען, וואָס קומט פון מערב, פון פארלייקענען די קולטור־ווערטן, וואָס ווערן געשאפן מחוץ דעם לאגער פון סאָציאליזם — אין דער דאזיקער אטמאָספער וואָס איז געווען א דירעקטער רעזולטאט פון די פארקריפלונגען, וועלכע עס האָט געבראכט מיט זיך דער פערזאָנען־קולט, איז אונדזער צאָלמעסיק נישט גרויסע יידישע שרייבער־גרופּע אין פוילן געווען כמעט ווי פאראיינזאמט״. אין זיין אריינפיר־וואָרט האָט בער מארק צווישן אנדערן געזאָגט אויף דער דאזיקער טעמע: ״פון איין זייט זיינען מיר א טייל פון דעם גרויסן פוילישן ליטעראַרישן לעבן, אָבער דאָס קען אונדז נישט גענוגענען. מיר קענען נישט עקזיסטירן אלס ליטעראַרישע גרופּע אָן א ברייטער פארבינדונג מיט דער יידישער ליטעראַטור אויף דער וועלט״.

״קיינער פון די דיסקוטאנטן — שרייבט זיך ווייטער אין דעם באריכט — האָט נישט געפּרוווט באשטרייטן די נויטווענדיקייט פון א גרינטלעכן איבערברוך אין דער באציונג צו דער יידישער ליטעראַטור אין אויסלאנד״...

א וויכטיקן אָרט האָבן פארנומען אויף דער פארזאמלונג די פּערספּעקטיוון אויף ווייטער אין פארבינדונג מיט די אויפדעקונגען, וואָס זיינען געמאכט געוואָרן אויף דעם צוואנציקסטן צוזאמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון ראטנפארבאנד. נישט אלע יידישע שרייבער — האָט זיך געזאגט אין דעם באריכט — זיינען אין שטאנד בייגעקומען דעם ווייטיק פון די דאָזיקע אויפדעקונגען, פיל האָבן זיך פֿארשלאָסן אין זיך און ווילן מער גאָרנישט זען ארום, אויסער אויסזיכטלאָזיקייט. א פולשטענדיקער צוריקטריט פון אלע ביז איצטיקע פּאָזיציעס.

אין זין פון אָט דעם צוריקטריט ווערן געשריבן אין אן ארטיקל א. נ. ״אייניקע באטראכטונגען״ *) פאָלגנדיקע שורות:

״די סאמע קאָמפּליצירטע נאציאָנאלע דערשיינונגען, איינגעוואָרצלטע פון דור־דורות, זיינען טראקטירט געוואָרן טיילמאָל מעכאניש און קלאסיפיצירט געוואָרן ווי טויטע אביעקטן, וועלכע לאָזן זיך אָנגעבן אזא אָדער אנדערע סוביעקטיווע פאָרם, קענען איבערגעפארבט ווערן אויף אזא אָדער אנדער קאָליר, לויט דער פּרימיטיווער לאָגיק פון אזא אָדער אנדער אויטאָריטעט. די באקאנטע פאָרמול, אז קולטור דארף זיין נאציאָנאל אין דער פאָרם און סאָציאליסטיש אין איר אינהאלט, האָט זיך פארוואנדלט גאנץ אָפט אין אן אומאויפהערלעכן ווילקיר. דער אונטערשייד צווישן די קולטורן פון פעלקער, וואָס איז דאס סאמע וויכטיקסטע פון זייער אייגנארטיקער עקזיסטענץ, איז דורך אייניקע פארשטאנען געוואָרן אין דעם איינפאכן זין, ווי כלים פון פארשיידענער פאָרם און קאָליר, אין וועלכע מען גיסט אריין איינע און די זעלבע פליסיקייט. דאס טראגישע איז באשטאנען אין דעם, וואָס די דאזיקע ״אייניקע״ זיינען געוואָרן די הערשער נישט בלויז איבער גופים... צי איז מעגלעך געווען, אז אונדזער פּראָפּאָרציאָנעל קליינער אָפּשניט פון יידישער שאפונג אין פוילן זאָל נישט ווערן אָנגערירט פון דער דאָזיקער קרענק? אזוינס איז נישט מעגלעך געווען. מיר האָבן נישט איבערגעשניטן אלע פעדים מיט דער פארגאנגענהייט, פארקערט, מיר האָבן זיך ביי פיל זייער פעסט געהאלטן און ווייטער געשפּינט מיט זייער הילף דאָס געוועב פון אונדזער קולטור. אָבער אויך פיל וועזנטלעכס האָבן מיר ארויסגעלאָזט פון אונדזערע הענט, נישט באמערקנדיק, ווי טייער זיי זיינען דעם יידישן מענטשן און ווי נאָענט זיי זיינען צו זיין געפיל. דאָס האָט א שייכות צו סך עלעמענטן פון דער יידישער געשיכטע, צו דעם טיף איינגעוואָרצלטן פאָלקס־שטייגער פון יידישע ימים־טובים, צו דער באציונג פון גרויסע טיילן פון יידישן פאָלק צו ישראל ווי צו א יידישער מלוכה, צו דער וועזנטלעכער באדייטונג פון העברעישן עלעמענט אין דער יידישער שפּראך און צו פיל אנדערע. צי האָט דאָס אלץ געקאָנט נישט ווירקן אויף דעם כאראקטער פון אונדזער גאנצער קולטור־שאפונג, אויף אונדזער שיינער ליטעראַטור, אויף אונדזער פּרעסע, אויף דער טעטיקייט פון אונדזערע וויסנשאפטלער, אויף אונדזער פּעדאגאגישן סיסטעם?״

דאָס יאָר 1957 איז דורך די פירער פון ״קולטור־געזעלשאפטלעכן פארבאנד פון די יידן אין פוילן״ געוואָרן באצייכנט אלס דאס ״שווערע איבערגאנגס־יאָר״. נישט בלויז די איבער צוואנציק טויזנט פוילישע יידן, וועלכע זיינען געקומען פון ראטנפארבאנד מיט דער צווייטער רעפּאטריאציע האָבן נישט געטראכט צו בלייבן אין פוילן, נאָר אויך צענדליקער טויזנטער איינגעזעסענע יידן פון פריער האָבן אין רעזולטאט פון אנטיסעמיטישע געשעענישן אין א גאנצע ריי פוילישע שטעט, און באזונדערס אין רעזולטאט פון די אויפגעדעקטע פארברעכנס לגבי די יידן אין ראטנפארבאנד, באשלאָסן צו פארלאָזן פוילן. אין די דאָזיקע באדינגונגען איז ביז א מינימום געפאלן דער אינטערעס צו דער יידישער פּרעסע און צום יידישן בוך, וועמענס טיראזש איז געפאלן פון קנאפּע 5000 אויף עטלעכע הונדערט. עס האָט געמוזט דויערן א פּאָר יאָר ביז דאָס יידישע לעבן אין פוילן האָט זיך ווידער אנגעהויבן א ביסל סטאביליזירן, און די וועלכע האָבן באשלאָסן צו בלייבן, האָבן ווידער גענומען שטארקן די יידישע קולטור־ארבעט, פארשפּרייטן דאָס יידישע בוך, די יידישע צייטונג, איינאָרדענען שעפערישע אָוונטן א. ד. גל.

וועגן דעם דאָזיקן צושטאנד שרייבט אין ארטיקל א. נ. ״ערב דער פּרעסע־ און בוך־קאנפערענץ״, וועלכע האט געדארפט פארקומען דעם 25־טן יאנואר 1959, דער דירעקטאָר פון פארלאג ״יידיש־בוך״ לייב דאָמב:

״נאָך אן איבעררייס פון צוויי יאר וועט דעם 25־טן ד. ח. צונויפגערופן ווערן אין וורצלאוו די טראדיציאָנעלע יערלעכע בוך־ און פּרעסע־קאָנפערענץ... דער פאקט גופא פון צונויפרופן די דאָזיקע קאנפערענץ זאָגט עדות וועגן טיפע קוואליטאַטיווע ענדערונגען, וואס זיינען פאר דער לעצטער צייט פאָרגעקומען אין אונדזער קולטור־געזעלשאפטלעכער ארבעט... מיט רעכט האָט די אָנפירונג פון פארבאנד באטראכט פאר פארבייגייענדיקע די דערשיינונגען פון אפאטיע, אָפּשוואכונג, פארקלענערונג פון געזעלשאפטלעכער אקטיוויטעט... וועלכע זיינען אין יענער צייט אויפגעקומען און האָבן אין שייכות מיט דער צאָלמעסיקער פארקלענערונג פון יידישן ישוב אין פוילן געשטעלט אונטער א פראגעצייכן זיין עצם־עקזיסטענץ״.

אבער ״די פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע קאָנסאָלידאציע אין לאנד האָט זיך שטארק אויסגעווירקט אויף דער יידישער סביבה און מיטגעהאָלפן דעם פּראָצעס פון סטאביליזאציע פונעם ישוב אין פוילן״, וועלכע ״קומט בולט צום אויסדרוק אין דעם פאקט, וואָס פאר דעם פארגאנגענעם יאָר (1958)

* ״פאָלקס־שטימע״ פון 4—16 מאי 1957.

האָט זיך מער ווי פאַרטאָפּלט די צאָל שטענדיקע אבאָנענטן פון דער "פאָלקס־שטימע"... בלויז אין פאַרגלייך מיטן לעצטן קוואַרטאַל פון 1958 איז די צאָל אבאָנענטן געוואָרן פאַרגרעסערט מיט איבער 600. עס האָט זיך פאַרדרייפאַכט די צאָל אבאָנענטן פון דעם ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל "יידישע שריפטן", וואָס דערמעגלעכט שוין זיך שטעלן די אויפגאַבע "צו דערגרייכן אין 1959 די צאָל פון 2000. דאָס גלייכן נאָך דעם שטילשטאַנד פון 1957 זיינען אין א קורצער צייט געשאַפן געוואָרן 1500 יערלעכע אבאָנענטן פאַרן "יידישן בוך" און דער טיראַזש פון זיינע אויסגאַבעס איז פאַרן יאָר 1958 אויסגעוואַקסן פון 1000—1500 פון יעדער פּאָזיציע ביז 2500—3000...

אין זעלבן גייסט פון האָפערדיקייט און עטוואָס מאַסקירטער פאַראורטיילונג פון די "דעפּעטיסטישע שטימונגען" פון פריערדיקע יאָרן, טרעטן איצט אויף בעל־פּה ובכתב די אַנדערע פירער פון פאַרבאַנד. די דאָזיקע האָפערדיקייט באַקומט באַזונדערס מער אויסדרוק און באַרעכטיקונג אין דער פייערלעכער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין וואַרשע דעם 2־טן מערץ 1959, און אין ענלעכע פייערונגען אין גאַנצן לאַנד לכבוד דעם 100־סטן געבוירן־טאָג פון שלום־עליכמ׳ען. דער אָנטייל אין דער דאָזיקער שלום־עליכם־פייערונג פון די אַנגעזעענסטע טוער פון דער שלום־באַוועגונג, ווי אומבערטאָ פּראַנדיני, אָסטאַפּ דלוסקי, טאַדעוש שטשאַלקאָווסקי, פון די מיטאַרבעטער פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע בראש מיטן אַמבאַסאַדאָר רחבעם עמיר און פון א גרעסערער גרופּע פּוילישע שרייבער, די אַרויסטריטן פון פאָרזיצער פון פּוילישן שרייבער־פאַריין, דעם באַקאַנטן פּאָעט, דראַמאַטורג און פּראָזאַאיקער יאַראָסלאַוו איוואַשקעוויטש און פון די שרייבער ב. מאַרק און ד. ספּאַרד, די אומפאַרגעסלעכע אָריגינעלע אינטערפּרעטאַציע פון שלום עליכמס שאַפונגען דורך דעם באַרימטן פּוילישן שוישפּילער יאַצעק וואָשטשעראָוויטש — אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפן דעם איינדרוק פון אן אָפּטימיסטישן סיום פון א קריטישן פּעריאָד, נאָך וועלכן עס וועט זיך אָנהייבן צוריק אן אויפשטייג.

דאָס דאָזיקע, אין א געוויסער מאָס נאָך דיסקרעטע, צוריקציען זיך פון די סקעפּטישע און "אפּיקורסישע" געדאַנקען און אַרויסזאָגונגען, פאַראורזאַכטע דורך די אויפגעדעקטע פאַרברעכנס אין ראַטנפאַרבאַנד און אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען אין לאַנד גופא, איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דעם נייעם אָנגריף אויף אַלע וואַקלענדיקע עלעמענטן מצד דער פּאַרטיי. כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז דער אָנגריף פון דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג "טריבונאַ לודו" פון 2־טן יאַנואַר 1959 אויף דעם וורצלאַווער צוזאַמענפאָר פון אַלפּוילישן ליטעראַטן־פאַריין, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1958 און וועלכער האָט אויסגעדריקט די "באַוואָרענישן לגבי דעם אידעישן פּראָגראַם פון דער קינסטלערישער אַרבעט און קולטורעלער טעטיקייט און די מורא פאַרן צוריקקער צו דער שלעכטער פּראַקטיק... "פון דיקטירן די שעפער אײנזײטיקע און פאַראײנפאַכטע סכעמעס".

אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן דער צוריקגאַנג פון דעם אַזוי גערופענעם "פּוילישן אָקטאָבער", וועלכער האָט גראָד די שרייבער געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער א סך פון זיין זיג.

דאָס האָבן די שרייבער די ערשטע אים פּראָקלאַמירט, אַרויסגעטראָגן אין דער עפנטלעכקייט און מוטיק אונטערשטיצט. אָבער די נייע הערשנדיקע קליקע מיט גאָמולקאָן בראש, קומענדיק צו דער מאַכט, האָט גלייך טאַקע פון די זעלבע שרייבער זיך דערפילט באַדראָט נישט דערפאַר, וואָס די שרייבער האָבן מכלומרשט "פאַרגעסן", ווי עס האָט געשריבן די "טריבונאַ לודו", נאָר גראָד דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט פאַרגעסן אין נאָמען פון וועלכע אידעען זיי האָבן דעם "אָקטאָבער" פּראָקלאַמירט און אונטערשטיצט.

מיט דער סטאַביליזירונג אין דער פּאַרטייאישער סביבה האָבן די זעלבע מענטשן אָנגעהויבן ריידן מיט זייער פריערדיקער שפּראַך. דאָס גלייכן אין דער יידישער סביבה. דער ליבעראַליזם פון 57־סטן יאָר האָט אָנגעהויבן אַרויפציען אויף זיך אן אַלץ מער שטייפערע הויט, ביז ער האָט אינגאַנצן איינגעטריקנט.

דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון די פריינד און פאַרשפרייטער פון יידישן בוך און פּרעסע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין יוני 1961. אין באַריכטסרעפעראַט אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז געוואָרן באַרירט צווישן אַנדערן דאָס פּראָבלעם פון די יעניקע שעפער, "וועלכע האָבן נישט געקענט פאַרשטיין דעם גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע מיט אירע אינערלעכע ווידערשפּרוכן, אז טראָץ די זיגזאַגן, וואָס זי מאַכט אָפטמאָל, גייט זי דאָך דיאַלעקטיש פאָרויס". די כאַראַקטעריסטישע אידעישע איינשטעלונג פון דער פּאַרטיי אין די פראַגן פון קונסט האָט צוריק געוווּנען איר גלייכגעוויכט און אָנגעגריפן די שרייבערישע נייגונגען צו אַבסאָלוטער פרייהייט פון וואָרט און געדאַנק, וועלכע איז איין און איינציק אין שטאַנד צו דערמעגלעכן יעדן שעפער דערפילן זיינע געזעלשאַפטלעכע און קינסטלערישע אויפגאַבן. אויך די פּאַרטיי האָט גערעדט וועגן קינסטלערישער פרייהייט, אָבער דאָס איז געווען א פרייהייט א דעטערמיניסטישע, א פון פאָרויס רעגולירטע אין באַשטימטע ראַמען, א פרייהייט פון "דערקענטער נויטווענדיקייט" לויט דער טערמינאָלאָגיע פון דער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק.

דער דירעקטאָר פון פאַרלאַג "יידיש־בוך" לייב דאָמב גיט אָן אין זיין רעפעראַט אויף דער זעלבער קאָנפערענץ די פאָלגנדיקע ציפערן: אין משך פון די 15 יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער פאַרלאַג "יידיש־בוך" אַרויסגעגעבן 86 אָריגינעלע פּראָזע־ווערק, 16 פּראָזע־איבערזעצונגען, 5 דראַמאַטישע שאַפונגען; 46 לידער־זאַמלונגען; 61 געשיכטע־ביכער, 15 ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן, 27 ביכער אויף געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע טעמעס און 9 פאַרשיידענע — צוזאַמען 265 ביכער מיט א טיראַזש פון 1 מיליאָן 300 טויזנט עקזעמפּלאַרן. דער רעדנער דערציילט אויך וועגן די קאָנטאַקטן פון "יידיש־בוך" מיט 22 לענדער, ווי ראַטנפאַרבאַנד, אַמעריקע, ישראל, אַרגענטינע, סקאַנדינאַווישע לענדער, רומעניע, פראַנקרייך, ענגלאַנד אא.

עס ווערן אויך אין אָנהויב פון די זעכציקער יאָרן געשאַפן כמעט אין אַלע אָפּטיילונגען פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד ליינער־קרייזן, וועלכע האָבן אַלע איין און דעם זעלבן ציל — פּאָפּולאַריזירן די קינסטלערישע ליטעראַטור, כאָטש די מעטאָדן און די פאָרמען פון דער אַרבעט זיינען אין

פאַרשיידענע שטעט פאַרשיידן. אויף דער לאַנד־באַראַטונג פון די פאָרשטייער פון די יידישע לייענער־קרייזן, וועלכע איז פאָרגעקומען אין מערץ פון 1962 יאָר, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אייניקע לייענער־קרייזן, ווי אין וואַרשע, האָבן נישט קיין סטאַבילן באַשטאַנד און זיי פאַרנעמען זיך מיט אָרגאַניזירן ליטעראַרישע אָוונטן, באַגעגענישן מיט די שרייבער, וועלכע לייענען זייערע שאַפונגען. נאָך דעם לייענען קומט פאָר אַ מיינונגס־אויסטויש. דאַקעגן אַנדערע קרייזן, ווי אין לאָדזש, למשל, האַלטן איין אַ סטאַבילע צאָל מיטגלידער, באַהאַנדלען ביכער זעלבשטענדיק, אָן דעם אָנטייל פון שרייבער. זיי באַשטימען אַליין דעם ליטעראַרישן מאַטעריאַל, לייענען אים פאָר אין קרייז און דערנאָך אַנאַליזירן זיי אים קאָלעקטיוו.

אָנשטרענגונגען פון די אָנפירנדיקע טוער צו שטאַרקן די קולטור־אַרבעט נאָך דעם ערנסטן קריזיס, האָבן געגעבן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, וועלכע האָבן זיך רעאַליזירט סיי אין נאָרמאַלן און סיסטעמאַטישן דערשיינען פון די ביכער, סיי אין דער מער ווייניקער אָנטשפּרעכנדיקער פון פאַרויס פאַרפּלאַנירטער אַרויסגעבערישער פּאָליטיק.

אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ געווידמעט „20 יאָר פון יידישן געדרוקטן וואָרט“ ווערט די דאָזיקע פּאָליטיק דעפינירט אין אייניקע הויפּט־רעפעראַטן. „אונדזער אַרויסגעבערישע פּאָליטיק — האָט זיך געזאָגט אין איינעם פון זיי — האָט אַנטשפּראָכן דער קאָנצעפּציע וועלכע מיר האָבן זיך פון דער ערשטער מינוט באַוווסטזיניק געשאַפן וועגן דעם יידישן ישוב אין נייעם פּוילן. דאָס איז, ערשטנס, די פאַרבינדונג מיט דער יידישער פאָרגעשריטענער טראַדיציע דורך פאַרעפנטלעכן סיסטעמאַטיש ווערק פון אונדזער אַלטן אוצר. צווייטנס, וואָס בולטער און קלאָרער און אַלזייטיקער אַרויסברענגען די פּיין און גבורה פון די פּוילישע יידן בעת דער אָקופּאַציע. דריטנס, געפינען אונדזער אייגנאַרטיק אָרט אין דער נייער ווירקלעכקייט *).

דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט אין פּוילן האָט זיך באַמיט צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע צילן. די הויפּט־אָפּטיילן פון פאַרלאַג „יידיש־בוך“ זיינען געווען: די יידישע קלאַסיק, די שאַפונגען פון דער צייט פון דער אָקופּאַציע און אָריגינעלע בעלעטריסטיק פון די היינצייטיקע פּויליש־יידישע שרייבער.

אין יאָר 1967 האָט דער פאַרלאַג „יידיש־בוך“ אָפּגעצייכנט זיין צוואַנציקיעריקע עקזיסטענץ, ווי אויך די צוואַנציקיעריקע עקזיסטענץ פון ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל „יידישע שריפטן“.

די פייערונג איז פאָרגעקומען דעם 3־טן און 4־טן יוני 1967 אין וראָצלאַוו, ערב דעם אויסברוך פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה. די אַטמאָספער אַרום איז שוין געווען עלעקטריזירט, אָנגעלאָדן מיט פּולווער און די הערצער פון אַלע יידן זיינען געווען פול מיט גרויסן פחד און ציטער פאַר ישראל, פאַר די יידן, וועלכע געפינען זיך דאָרט. די דאָזיקע שטימונג האָט זיך געפילט אין זאַל צווישן די עטלעכע הונדערט דעלעגאַטן, זי איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין הויפּט־רעפעראַט פון דער פייערונג. אין יענע טעג האָט די פּוילישע פּרעסע נאָך איינגעהיט אַ נייטראַלע באַציִונג, באַמיט זיך צו אינפאָרמירן אָביעקטיוו וואָס עס קומט פאָר אין מיטעלן מזרח. אָבער ווען די באַריכטן פון דער פייערונג האָבן זיך באַוויזן אין דער פּרעסע, דעם 21־טן יוני, האָט די פּוילישע

* „פאָלקס־שטימע“, 30 דעצעמבער 1964.

רעגירונג זיך שוין געהאַט געשטעלט אינגאַנצן אויף דער זייט פון די אַראַבער און די פּרעסע האָט איבערגעגעבן אויסשליסלעך די אינפאָרמאַציע פון קאַיר. דעריבער זיינען אַלע פריינדלעכע ווערטער פאַר ישראל אין דעם הויפּט־רעפעראַט, ווי אויך אין די אַרויסטריטן פון די דעלעגאַטן געוואָרן דורך דער צענזור אויסגעמעקט און עס זיינען געבליבן בלויז צוויטן פון געדאַנקען, וועלכע גיבן איבער די שטימונגען פון יענער צייט.

דאָס איז געווען די לעצטע פייערונג פון יידישן געדרוקטן וואָרט אין פּוילן, און עס זעט אויס איצט ממש ווי סימבאָליש, וואָס די יידישע ליטעראַטור אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן, וועלכע האָט איינגעהיט אַ נאַציאָנאַל געפיל און געטראָגן אין זיך די שליחות פון המשך אויף צוריק און אויף פאָרויס, האָט איר לעצטן נסיון פאַרענדיקט מיט אידענטיפיצירן זיך מיטן גאַנצן יידישן פאָלק און מיט דער יידישער מדינה. באַלד נאָך דער פייערונג איז געקומען די גזרה, וועלכע האָט פאַקטיש נישט דערמעגלעכט מער די עקזיסטענץ פון יידישן געדרוקטן וואָרט אין פּוילן. דאָס איז געווען די גזרה פון צושטעלן דער צענזור אַן איבערזעצונג פון אַלץ, וואָס ווערט געשריבן אין יידיש. אַ גזרה, וועלכע האָט נישט עקזיסטירט אין די סאַמע רעאַקציאָנערסטע פּוילישע רעזשימען. עס איז נישט געווען בלויז קיין פראַגע פון פּרעסטיזש. עס איז פּשוט נישט געווען מעגלעך צו רעאַליזירן — נישט פיזיש נישט פינאַנסיעל. עס איז געווען אַ כיטרער וואַריאַנט פון אַן אָפיציעלן פאַרבאָט. און ערשט נישט לאַנג, מיט עטלעכע וואָכן פריער, האָט צו דער פייערונג פון דער צוואַנציקיעריקער עקזיסטענץ פון פאַרלאַג צוגעשיקט זיין באַגריסונג דער מיניסטער פאַר קולטור און קונסט לוציאַן מאָטיקאַ אין פאָלגנדיקע ווערטער:

„אַמטלעכע ענינים דערמעגלעכן מיר נישט צו נעמען אָנטייל אין אייער יובילייִ. איך שיק איבער אַלע מיטאַרבעטער פון פאַרלאַג מיין באַגריסונג אין שייכות מיט אייער פּרעכטיקן יובילייִ און ווינטש ווייטערדיקע פּרוכטבאַרע אַרבעט און דערפאָלג אין פּערזענלעכן לעבן“. און דער שפּעטער טרויעריק־באַקאַנטער וויצע־מיניסטער פאַר קולטור און קונסט, קאַזשימיעזש רושינעק, האָט געשריבן: „באַגריסונגען און האַרציקע ווונטשן פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון פאַרלאַג“; און דער דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָר פון קולטור־מיניסטעריום, דער קולטורעלער און נאָבעלער טשעסלאַוו קאַלושני האָט אין אויפריכטיקע ווערטער געשריבן „אין שייכות מיטן 20־סטן יאָרטאָג פון פאַרלאַג „יידיש־בוך“ און דער צייטשריפט „יידישע שריפטן“ וויל איך אויך אויסדריקן די גרעסטע אָנערקענונג פאַר די ביזאיצטיקע דערגרייכונגען ביים פאַרשפּרייטן די יידישע ליטעראַטור, ווי אויך ווונטשן פון ווייטערדיקע דערפאָלגן אין דעם דאָזיקן געביט. גלייכצייטיק שיק איך איבער די בעסטע ווונטשן די אַלע, וואָס האָבן מיטגעווירקט צו דער אַנטוויקלונג פון פאַרלאַג „יידיש־בוך“ און דער צייטשריפט „יידישע שריפטן“. נעמט צו דעם אויסדרוק פון טיפער אַכטונג“.

פאַר פיל רעגירונגס־באַאַמטע, אַפילו אויף הויכע פּאָסטנס, איז די דאָזיקע גזרה, וועלכע האָט סימבאָליזירט מיט זיך דעם פּסק פון ליקווידירן די יידישע קולטור־טעטיקייט ווי אַ זעלבסטשטענדיקן, שעפערישן און אייגנאַרטיק־נאַציאָנאַלן געביט, געווען אַן איבעראַשונג. אָבער פאַר די טוער פון דער פּאַרטיי און פאַר די באַאַמטע פון אינערן־מיניסטעריום איז עס געווען אַ נאַטירלעכער סוף פון אַ לאַנג פאַרטראַכטער פּאָליטיק, כאָטש דער קריזיס האָט אויסגעבראָכן כלומרשט צוליב דעם קעגנשטעלן זיך און אַפּשלעפּן מצד דעם פּרעזי־

דיום פון ק.ג.פ. די הסכמה צו דער איינזייטיקער אומגערעכטער פּאָליטיק פון דער רעגירונג אין ישראל־אראבישן קאָנפליקט. די טוער פון דער פּארטיי און די באאמטע פון אינערן־מיניסטעריום האָבן אָנהייבנדיק פון די פופציקער יאָרן געקוקט מיט א שלעכט אויג אויף דער דאָזיקער טעטיקייט, וואָס איז לויט זייער מיינונג געפירט געוואָרן, ווי אויף להכעיס דעם ראטנפארבאנד, וועלכער האָט זי שוין פון לאנג ליקווידירט. דאָס נאטירלעכע נאציאָנאלע געפיל פון דער יידישער באפעלקערונג אין פוילן נאָך דער מלחמה, נאָך דעם פארברענען און דערשטיקן 90 פּראָצענט פון זייערע ברידער, שוועסטער, עלטערן און קינדער, האָבן זיי באצייכנט אלס שאָוויניזם, וועלכן מען האָט נאָך נישט געהאט די דרייסטקייט אנצוגרייפן דירעקט, און דעריבער זיך באמיט צו באגרענעצן מיט הונדערטער תירוצים ″רעוואָלוציאָנערע″, ″מארקסיסטישע″ און ″אינטערנאציאָנאליסטישע″. דאָס האָט געהאט א שייכות בלויז צו דער יידישער קולטור און ליטעראטור. לגבי זייערע אייגענע קולטורן און ליטעראטורן האָט יעדע ניהיליסטישע באציונג באדייט קאָסמאָפּאָליטיזם און אימפעריאליזם.

פאר גאָמולקעס קומען צו דער מאכט אין 1956 יאָר האָט די דאָזיקע שטעלונג לגבי דער יידישער קולטור געדראָט מיט א פלוצעמדיקער קאטאסטראָפע, לויט דעם ראטנפארבאנדישן מוסטער. עס האָט זיך געפילט אין אלע געביטן פון דער יידישער קולטור די טענדענץ פון איינשרומפּן, פון לאָקאליזירן, פון אָפּרייסן די אָרטיקע קולטור־טעטיקייטן פון דער צענטראלער יידישער אָנפירונג און זיי פארבינדן מיט די שטאָטראטן, וואָס האָט באדארפט הייסן — געבן זיי בעסערע מעגלעכקייטן פון אנטוויקלונג, אבער וואָס אין דער אמתן האט עס געצילט איבערצונעמען די יידישע קלובן פריער אין שותפות מיט דער פוילישער קולטור־ארבעט און שפּעטער אביסל — אין פולן באזיץ. די דאָזיקע קולטור־פּאָליטיק האָט פולשטענדיק אנטשפּראָכן די געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע טענדענצן לגבי דער יידישער באפעלקערונג.

די פוילישע קאָמוניסטן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אפילו נישט געקענט איינגיין אויף דעם לייזונג פון דעם יידן־פּראבלעם ביי זיך אין לאנד דורך אסימילאציע צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, האָט דער עם־קשה־עורף קיינמאל זיך נישט אסימילירט ביזן סוף. שטענדיק איז פארבליבן א קלענערע אָדער גרעסערע צאָל יידן, וואָס האָט אָדער לכתחילה נישט מסכים געווען צו אזא לייזונג, אָדער האלטנדיק שוין ביים ראנד פון אסימילירן זיך, פּלוצעם זיך צוריקגעקערט צוליב אזא אָדער אנדער סיבה צו יידישקייט. צווייטנס, האָט די פוילישע רעגירונג נישט אָנגענומען קיינמאָל די דאָזיקע לייזונג, און נאָך מער איצט נישט. צום יידן, וואָס האָט געענדערט זיין נאָמען און זיין טאטנס נאָמען, כדי אויסצומעקן יעדן שפור פון זיין אָפּשטאם, האָט די פוילישע געזעלשאפט, אפילו די קאָמוניסטישע, געהאט א פיל ערגערע און טיילמאָל אויך א פאראכטנדיקע באציונג. איז אויב נישט קיין זעלבסטשטענדיק נאציאָנאל לעבן און נישט קיין אסימילאציע — איז וואָס פאר א פאָרשלאג האָבן געקענט די קאָמוניסטישע רעזשימען פאָרלייגן ″זייערע″ יידן? זיי האָבן געקענט פאָרלייגן צוויי פאָרשלאגן, וועלכע ווערן אייגנארטיק פּראקטיצירט אין דער לעצטער צייט אין פארשיידענע פאָרמען, הארבע און מילדע, אין די קאָמוניסטישע און פאָלקסדעמאקראטישע לענדער: אָדער בלייבן א שטענדיק פארדעכטיקטע עטנישע גרופּע פון דער צווייטער קאטעגאָריע לגבי די זכויות פון אלע בירגער, אָדער — ארויספאָרן.

די שרייבער, וואָס זייער באגאבונג און פּראָפעסיע קענען נישט הויזן צוזאמען מיט נאציאָנאלער דערנידעריקונג און ווירדעלאָזיקייט, האָבן אויסגעקליבן דאָס צווייטע. אין משך פון די 25 יאָר האָבן זיי באוויזן זייער מעגלעכקייט ווידער אָנצוהייבן ציען די ″גאלדענע קייט″, כאָטש יעדער דור איז א רינג פון אן אנדער קאָליר און פון אן אנדער גרייס. די מפּלה פון זייער האָפענונג און אָנשטרענג, איז די מפּלה פון די מענטשן, וועלכע האָבן דערצו דערפירט. זייער מי איז אָבער נישט געגאנגען לאיבוד. זייערע שאפונגען און דערפארונגען וועלן ווערן באוויליקט דורך דער שר פון דער יידישער ליטעראטור. די דאָזיקע שאפונגען זיינען גאָרנישט אזוי ווייניק, פּראָפּאָרציאָנעל צו זייער צאָל, צו דער צאָל פון זייערע אָפּנעמער און צו די ספּעציפישע באדינגונגען און שוועריקייטן פון די יאָרן.

אין ציפערן שטעלט זיך פאָר דער בילאנס פונעם פארלאג במשך פון די 20 יאָר אויף פאָלגנדיקן אופן:

70 ביכער וועגן דער יידישער מארטיראָלאָגיע, געשיכטע און באפרייונגסקאמפן; 27 — פון די קלאסיקער; 95 — פּראָזע (אריגינעלע); 60 — פּאָעזיע; 21 — ליטעראטור־קריטיק; 25 — איבערזעצונגען; 11 — פאר יוגנט; 5 — דראמאטישע ווערק; 36 — אנדערע. ס״ה 350 ביכער.

אויסער דער דאָזיקער תורה שבכתב, וועלכע איז געשאפן געוואָרן בהדרגהדיק אין משך פון די 20 יאָר, האָט אויך עקזיסטירט א מין תורה שבעל־פּה אין דער פאָרם פון פארשיידענע געדענק־טעג לכבוד די יידישע קלאסיקער, וועלכע האָבן זיך פארוואנדלט אין ברייטע פאָלקס־פייערונגען אין אלע יידישע ישובים, באגלייט פון סימפּאָזיומס און שרייבער־אויפטריטן. דאָס גלייכן ″יזכור׳ס″ פון אומגעקומענע שרייבער, בעת וועלכע עס איז באהאנדלט געוואָרן זייער שעפערישער וועג. דאָס אלץ האָט נישט בלויז געשטארקט דעם בונד פון דער יידישער ליטעראטור מיטן יידישן פאָלקס־מענטש, נאָר אויך דעמאָנסטריט אירע יידישע און אלגעמיינע ווערטן כלפּי חוץ, ארויסהייבנדיק איר אייגנארטיקייט און זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ, און אזוי ארום שווייגנדיק, נאָר עקשנותדיק זיך קעגנגעשטעלט די ליקווידאציע־טענדענצן, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין די אָפיציעלע קרייזן פון דער פּארטיי און רעגירונג און אויך אין קליינע, נאָר איינפלוסרייכע גרופּן אין דער יידישער סביבה גופא.

ווארשיינלעך נישט אזא ליקווידאציע פון דער יידישער קולטור און ליטעראטור ווי אין 1968 האָבן באגערט די דאָזיקע אָפיציעלע קרייזן. זייער אידעאל איז געווען א מיתת־נשיקה מיט דער הילף פון די יידן גופא, און נישט אזא גוואלד־טויט, וואָס האָט די דאָזיקע כוונות און צילן זייערע אויפגעדעקט ביז אין גרונט.

דאס ביסעלע יידישע קולטור, וואָס זיי האבן פארהאלטן ווי אן אליבי, איז געגליכן צו א ליד פון א פליט, וואס האט שוין נישט קיין פאָרזעצונג.

שמעון קאַנץ

# יידיש טעאַטער אין פּוילן

## צווישן ביידע וועלט־מלחמות און די ערשטע צען יאָר נאָך דער צווייטער מלחמה

ווען מיר רעדן וועגן יידישן טעאַטער אין פּוילן און זיינע עלטערע און שפּעטערדיקע שעפער, האָבן מיר פאַר די אויגן א רייכע גאַלעריע פּאָרטרעטן פון רעזשיסערן און אקטיאָרן פון פארשיידענעם קאַליבער, גאַנצע אַנסאַמבלען, וועלכע זענען געשטאַנען אויף א הויכן קינסטלערישן ניוואָ און האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן ערנסטן קולטור־פאַקטאָר. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט געשטעלט קיין קינסטלערישע אמביציעס. עס זענען אָבער געווען צווישן זיי קרעפטיקע אקטיאָרישע טאַלאַנטן, וואָס האָבן צוגעצוינגן א מאַסן־עולם און נישט געקוקט אויף זייער נישט געהויבע־נעם ניוואָ, האָבן זיי דאָך געהאַט זייער פאַרדינסט פאַרן ברענגען דעם יידישן עולם אין טעאַטער אַריין, פאַרן שאַפן אין פּוילן די בעסטע טעאַטער־גייערס. אומדירעקט און אין לאַנגן לויף האָט זיך אויסגעבילדעט דער ראַפינירטער געשמאַק און עס זענען אויפגעקומען ערנסטע טעאַטער־קאָלעקטיוון מיט הויך־קינסטלערישע דערגרייכונגען.

די סאַמע ערנסטסטע צווישן זיי אין וואָג און באַדייט, איז געווען די "ווילנער טרופּע", וואָס האָט זיך געשאַפן א רום פון א קינסטלערישער אינסטיטוציע און האָט אין א געוויסן זין געשפּילט א היסטאָרישע ראָל אין דער געשיכטע פון טעאַטער ביי יידן, האָט דורכגעמאַכט א שווערע אַרבעט פון טעאַטער־בילדונג און האָט צוגעצויגן די בעסטע כוחות, דערצויגן א נייעם טיפּ יידישן שוישפּילער, וואָס האָט זיך אונטערשיידט פון די אַנדערע מיט זיין אידעאישן און קינסטלערישן צוגאַנג צו טעאַטער, מיטן קאָלעקטיוון כאַראַקטער פון סצענישער קונסט, מיט דער ערנסטקייט ביים אָפּקלייבן דעם רעפּערטואַר.

די "ווילנער טרופּע" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א דורכ־



יידיש מלוכה־טעאַטער א. נ. פון א. ר. קאַמינסקא אין וואַרשע: גאָלדפאַדענס "צוויי קוני־לעמלס". פון רעכטס: מ. רייסקי, ר. טאַרו קאָוואַלסקא, מ. שווייליך, מ. לאַנצמאַן, לערכער, ר. קאַמינסקא, י. בערגער

אויס נייע דערשיינונג אין יידישן טעאַטער אין פוילן פון יענער צייט, האָט אויסגעפירט נישט קיין פאַרגרעבטע מעלאָדראַמעס, אָפּערעטקעס און פאַרסן, נאָר גוטע דראַמאַטורגישע שאַפונגען, ווערטפולע אָריגינעל יידישע און איבערזעצונגען, געשטעלט דעם טראָפּ אויף אַנסאַמבל־שפּיל, פאַראינטערעסירט סיי אין אינהאַלט און סיי אין דער פאָרם פון אַרויסברענגען, פון באַנוצן און אָנווענדן נייע מיטלען, נייע סצענישע לעזונגען און ריטמען, תמיד גרייט צו פאַרשיידענע סצענישע עקספּערימענטן.

דער וואַרשעווער פּעריאָד פון דער "ווילנער טרופּע" איז אָנגעפילט מיט ליידנשאַפטלעכן זוכן דעם אייגענעם שעפערישן וועג און סטיל און במילא אויך מיט ענדערונגען, קריזיסן און שפּאַלטונגען. א גרויסע השפּעה סיי אויף די שעפערישע עקספּערימענטן און זוכונגען, און סיי אויף דער קינסטלערישער אויספאָרמירונג פון די ווילנער, האָט געהאַט דער רעזשיסער דוד הערמאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דערציען נישט נאָר א נייעם טיפּ אַקטיאָר, נאָר אויך א נייעם טיפּ צושויער, וואָס זאָל פילן א באַדערפעניש פאַר א מאָדערן יידיש טעאַטער, פאַרשטענדעניש פאַר דער טעכניק פון דער מאָדערנער שוישפּיל־קונסט.

אליין אַן אָפּשטאַמיקער פון א חסידישער סביבה האָט ער צוזאַמען מיט דער ראָמאַנטיק פון חסידיזם געזוכט אויך דעם אייראָפּעישן מאַסשטאַב. זיין גרעסטע אויפפירונג מיט די ווילנער איז געווען ש. אַנסקיס "דיבוק", אין וועלכן ער האָט אַנטדעקט אַן אוצר פון שפּיל, פון רייכע סצענישע סיטואַציעס, פון שפּרודלדיקן פאָלקלאָר און האַנדלונג. דער דערפאָלג פון דער אויפפירונג האָט אָנגענומען א וועלט־פאַרנעם.

דאָס נאָוואַטאָרישע אין "דיבוק" האָט מען אַרויסגעזען אויך אין דעם, ווי דער רעזשיסער האָט כאַראַקטעריזירט די געשטאַלטן. אברהם מאָרעווסקיס אינטערפּרעטאַציע פון מיראַפאָלער צדיק איז איבערגעוואַקסן אַלע פריערדיקע ראַמען פון א רבישער געשטאַלט אין יידישן טעאַטער. אַלע סצענעס זענען געשפּילט געוואָרן מיט א פאַרכאַפּנדיקן טעמפּעראַמענט און ריטם. הערמאַן האָט זיך באַוויזן ווי א מייסטער פון בויען מאַסן־סצענעס און קאָנען פאַרבינדן וואָרט מיט באַוועגונג, מוזיק מיט טאַנץ און ליכט.

פון די שפּעטערדיקע אויפפירונגען דאַרף דערמאָנט ווערן די קאַפּיטאַלע פאָרשטעלונג "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" לויטן ווערק פון י. ל. פּרץ, וואָס איז באַזירט אויף נישט־רעאַלע פּערסאָנאַזשן און געשעענישן, אַבסטראַקציעס און סימבאָלן. דוד הערמאַן האָט אויפגענומען פּרצעס פּיעסע ווי א נישט־פאַרענדיקט דראַמאַטיש ווערק, וואָס גיט דעם רעזשיסער מעגלעכקייטן פאַר א גרויסער סימבאָלישער פאַראַלגעמיינערונג, געהילט אין סיטואַציע, דורכגענומען מיטן פיבער פון פאַרגאַנגענע צייטן און שאָטנס פון היינט און נעכטן, צוגעבנדיק מוזיק, דעקאָראַציעס, קאָסטיומען.

חוץ לייב קאַדיסאָן, איינער פון די גרינדער פון דער טרופּע, געווען אַקטיאָר און רעזשיסער; דער דיכטער יעקב שטערנבערג, האָבן א וויכטיק אָרט פאַרנומען אויך די רעזשיסערן מיכאַל וויכערט און יעקב ראָטבוים. צו וויכערטס אומפאַרגעסלעכע אויפפירונגען געהערן שלום אַשס "קידוש השם", שעקספּירס "שיילאָק", מ. ליפשיצס "הערשעלע אָסטראָפּאָליער" און אהרן צייטלינס "יידן־שטאָט".

יעקב ראָטבוים האָט אַריינגעבראַכט צו די ווילנער סאָציאַל־אָנגעלאָדענעם רעפּערטואַר און פּערספּעקטיוו דעם רעאַליסטישן וועג פון טעאַטער. צום שטאַרקסטן האָט אָפּגעקלונגען זיין אויפפירונג "שריי כינע!" פון א. טרעטיאַקאָוו. ער האָט אויך אויפגעפירט מיט די ווילנער דוד בערגעלסאָנס אינסצעניזירטע נאָוועלע "דער טויבער" א. נ. "די ברויטמיל", אין וועלכער ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם פּראָטעסט פונעם יידישן דערנידעריקטן מענטש קעגן דער סאָציאַלער אומרעכט. ראָטבוימס אויפפירונגען, באַזונדערס דער נייער וואַריאַנט פון שלום־עליכמס "200.000" מיט לידער־טעקסטן פון משה בראָדערזאָן און מוזיק פון הענעך קאָן, האָבן זיך פאַרהיט א לענגערע צייט אין רעפּערטואַר פון די ווילנער.

נאָך די ווילנער האָט דאָס צווייטע אָרט פאַרנומען דאָס וואַרשעווער יידישע קונסט־טעאַטער "וויקט", וואָס האָט ממשיך געווען די טראַדיציע פון בעסער יידישן טעאַטער, אונטער דער אָנפירונג פון זיגמונט טורקאָוו, וועלכער האָט אויך רעזשיסירט "כסא הרבנות", מאָליערס א ריי קלאַסישע קאָמעדיעס, שלום אַשס "מאָטקע גנב", לעאָניד אַנדרעיעווס "זיבן געהאָנגענע", א דראַמאַטיזאַציע פון י. אָפּאַטאָשוס ראָמאַן "הייס בלוט".

דער דערפאָלג פון זיגמונט טורקאָווס אויפפירונגען אין "וויקט" איז געווען סיי א רעזשיסערישער און סיי אַן אַקטיאָרישער. עס איז געשאַפן געוואָרן א גלענצנדיק־צונויפגעשפּילטער אַנסאַמבל. דער "וויקט" איז אויך ווייטער געבליבן געטריי דער ליניע פון א פאַרביקן רעפּערטואַר און איז געגאַנגען פון איין דערפאָלג צום אַנדערן, געשפּילט דעם אַנטדעקטן מאַנוסקריפּט פון ד"ר שלמה עטינגערס "סערקעלע", וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט הונדערט יאָר פריער און א דאַנק דער פּאַסיקער ראָל פאַר אסתר־רחל קאַמינסקי, וועלכע האָט געשפּילט די אשת־חיל סערקעלע, איז טורקאָוון געלונגען אויסצוסטיליזירן א פאָרשטעלונג, וואָס איז געוואָרן איינער פון די אוצרות פון דער קולטור־ירושה און באַוויזן דעם אָפּשטאַם פון טעאַטער־קונסט ביי יידן מיט דורות פריער.

אין משך פון די 16 יאָר, וואָס דער "וויקט" האָט עקזיסטירט אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס, אין פּרט פון צוזאַמענשטעל, אָרגאַניזאַציע און רעפּערטואַר, האָט ער פאַרשריבן איינס פון די שענסטע קאַפּיטלעך אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער. א קורצן קריזיס האָט דער "וויקט" דורכגעמאַכט נאָכן טויט פון אסתר־רחל קאַמינסקי. דערנאָך האָט ער ווידער אויפגעפירט אייניקע נייע מאַסן־פאָרשטעלונגען. דאָס מאָל אונטער דער בשותּפותדיקער לייטונג פון אידאַ קאַמינסקי און זיגמונט טורקאָוו. צו די שטאַרקסטע געהער די מאָדערניזאַציע פון אברהם גאָלדפאַדענס "לא תחמוד", מיט אַקטועלע אינטערמעדיעס פון משה בראָדערזאָן. מצד דעם טעאַטער איז עס געווען א בפירושע באַשטעטיקונג, אַז ער שפּאַנט מיט א זיכערן גלויבן אין זיינע כוחות. די פאָרשטעלונג איז געשפּילט געוואָרן אויף א גראַנדיעזער סצענישער קאָנסטרוקציע, מיט א באַלעט, אָרקעסטער און רייכער אויסשטאַטונג. אין אַנסאַמבל איז געווען א סך

יוגנט און באאיינפלוסט פון רעזשיסערס טעמפעראמענט, דרייסטקייט און באגייסטערונג האָבן די יונגע שוישפּילער איבערגעטראָגן אַט דעם ברען און התפּעלות אויף דער בינע. די עקספּרעסיאָניסטישע פאַרטראַכטונג האָט אויסגעזען ניי, געפאָדערט נייע שפּעפערישע לעזונגען און וועגן פאַרן עקספּרעסיוון אַנסאַמבל־שפּיל.

א ווייטערדיקער עטאַפּ איז געווען די אויפפירונג פון ראָמען ראָלאַנס ״די וועלף״ און נאָכן דורכפאַל פון יעקב פאַטס ״אין גאָלדן לאַנד״ איז געקומען דער דערפאָלג מיט דוד פּינסקיס ״דער אוצר״. גאָרדין, די טראַגיקאָמעדיע פון סעמיאָן יושקיעוויטש ״דעם אַרעמאַנס מזל״, אַנרי בערנשטיינס ״שמשון״, לייוויקס ״הירש לעקערט״, גאַגאָלס ״רעוויזאָר״, י. ב. נאַפּטאַלזאָנס ״דער איינציקער מענטש״ א. א.

א וויכטיקע קינסטלערישע און קולטור־געשעעניש איז געווען די אויפפירונג פון שלום עליכמס ״בלאָנדזשנדיקע שטערן״ אין דער דראַמאַטיזאַציע פון מאַרק ראַזומני מיט לידער־טעקסטן פון איציק מאַנגער און האַלפּערנס מוזיק. דערנאָך איז געקומען זלמן שניאורס ״פּאַנדרע״, וואָס איז פאַרמאָסטן געוואָרן ווי א מעכטיקער אַפּאָטעאָז פון ייִדישן ווידערשטאַנד און נאַציאָנאַלן שטאָלץ. אונטער דעם דאָזיקן קוקווינקל זענען צוגעגרייט געוואָרן די ווייטערדיקע וויכטיק־סטע פאָזיציעס פון באַנייטן ״וויקט״.

א יאָר פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געשטעלט געוואָרן גאָלדפאַדענס ״שולמית״ אין א נייער סצענישער און טעקסטועלער באַאַרבעטונג פון זיגמונט טור־קאָוו. די מוזיק איז באַאַרבעט געוואָרן פון שלמה פּריזאַמענט, מיט סטיליזירטע דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פון פריץ קליינמאַן.

דאָס איז געווען אן ערנסטער עקזאַמען פאַרן רעזשיסער און פאַר די אַקטיאָרן. די נאַיווע לירישע געשיכטע וועגן דער הייסער ליבע פון שולמית מיט אבשלום האָט דאָ באַקומען א מאָדערנעם אינהאַלט און מחשבה. מען האָט געדאַרפט געפינען און דורכלעבן דעם שטאָלץ און קריגערישקייט, ליבע און האַס פון פרייע בירגער אין אייגענעם לאַנד. די לעגענדאַרע געשטאַלטן האָבן באַקומען א בולט ליטעראַריש־מוזיקאַלישע כאַראַקטעריסטיק. עס איז געווען א סטיליזירטע סינטעטישע פאָרשטעלונג: שפּיל, געזאַנג, באַלעט, מוזיק, פאַרביקע אויסשטאַטונג און שפּיל פון ליכט. זי האָט דערגרייכט א קינסטלערישע הויך פון א גרויסן פאַרנעם און איז געשפּילט געוואָרן אין גאַנץ פוילן, ביז א דייטשע באָמבע האָט חרוב געמאַכט דאָס ״נאָוואָטשטשי״ — טעאַטער.

אין דער זעלבער צייט האָט דער ״וויקט״ אויפגעפירט אויך אַנדערע פאָרשטעלונגען. די לעצטע גרויסע אויפפירונג איז געווען ישראל אשנדאָרפס באַאַרבעטונג פון אברהם גאָלדפאַ־דענס ״בר־כוכבא״ אין ש. פּריזאַמענטס מוזיקאַלישער באַאַרבעטונג. דאָס איז געווען א מאָנומענטאַלער נאַציאָנאַלער ייִדישער ספּעקטאַל, און איז דורכן עולם אויפגענומען געוואָרן ווי א היסטאָריש־העראָישער פאַקט, האָט גערעגט דעם ייִדישן שטאָלץ, באַוויגן צו פאַרטראַכטן זיך איבער זיין אָפּשטאַם און געשיכטע, איבער דער עקשנות און גבורה פון די אבות. דער זאַל איז פאַרהילכט געוואָרן פון אַפּלאָדיסמענטן און התלהבותדיקע אָוואַציעס.

דאָס איז געווען א רייכע און מאָנומענטאַלע אויפפירונג, וואָס האָט ווייט איבערגעשטיגן דעם דורכשניט פון ייִדישן טעאַטער אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, און האָט געהאַט אַלע שאַנסן פאַר א לאַנג־דויערדיקן לעבן, ווען ניט דער אויסבראָך פון דער מלחמה.

פולסירנדיק ייִדיש טעאַטער־לעבן האָט זיך געשאַפן אויך אין אַנדערע שטעט אין פוילן. אין לאָדזש איז געשאַפן געוואָרן דאָס ערשטע ייִדישע מאַריאָנעטן־טעאַטער ״חד־גדיא״ אונטער דער אָנפירונג פון משה בראָדערזאָן און הענעך קאָן. עס האָבן מיטגעאַרבעט: דער שרייבער מ. ניימאַן און דער מאָלער יצחק ברוינער. די טרופּע האָט אָבער ניט געגאָסן פון קיין מיטהילף מצד דער ברייטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט און האָט נאָך א קורצער צייט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אין יענער צייט האָט אין ווילנע זיך געשאַפן דאָס מאַריאָ־נעטן־טעאַטער ״מיידים״, ביי דער מיטאַרבעט פון א. באָס־טאָמסקי, לייזער וואָלף, טייטלבוים, קאַהאַן, אגוז א. א. אויך דאָס טעאַטער האָט דורכגעמאַכט קריזיסן און אויפבליען.

דאָס איז געווען אן אָנהייב פון א לעבהאַפטיקער טעטיקייט פון די ייִדישע קליינקונסט־בינעס. די ערשטע איז געווען ״אַזאַזעל״, וועמענס נשמה זענען געווען: משה בראָדערזאָן, און הענעך קאָן. עס האָבן מיטגעאַרבעט דער רעזשיסער דוד הערמאַן און דער קינסטלער הענריק בערלעווי. צום ערשטן מאָל זענען דאָ אויפגעזונגען געוואָרן די לידער פונעם פאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיק.

באַלד דערנאָך איז אַנטשטאַנען דער ״סמבטיון״, ווו יצחק נאָזשיק איז געווען רעזשיסער און צושטעלער פון טעקסטן. עס האָבן אויך מיטגעאַרבעט די באַקאַנטע הומאָריסטן: מ. נודלמאַן און דער לוסטיקער פּעסימיסט.

עטלעכע יאָר שפּעטער איז דער ״סמבטיון״ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער ״ייִדישער באַנדע״, וואָס האָט עקזיסטירט ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אָבער פאַרשאָטנט געוואָרן דורכן אויסגעצייכנטן קליינקונסט־טעאַטער ״אררט״, וואָס משה בראָדערזאָן האָט געשאַפן אין לאָדזש, אין אָנהייב ווי א סטודיע, אָבער גיך אויסגעוואַקסן אין א קליינקונסט־בינע אויף א הויכן קינסטלערישן ניוואָ. זייער פאַרשיידנאַרטיקער רעפּערטואַר און זעלטענע פעיקייטן פון די רעוויו־אַקטיאָרן, האַרמאָנישע סצענישע אויסבילדונג און פיינע סצענישע איבערוואַנדלונגען מיט א סך שוווּנג, פאַנטאַ־זיע און טעאַטראַלישקייט און בעיקר דער גרויסער מורה־דרך משה בראָדערזאָן — האָבן אַרויסגערוקט דעם ״אררט״ אויפן אויבנאָן פון דער קליינקונסט־טעטיקייט.

געווען א צייט טעטיק דאָס קליינקונסט־טעאַטער ״דווקא״ אונטער דער אָנפירונג פון כתריאל ברוידע און משה שווייליך, אָן גרעסערע אַמביציעס, אויפן ניוואָ פון אן אַמאַטאָרן־טרופּע.

מער פאַרנעם האָט געהאַט דאָס קליינקונסט־טעאַטער אין ביאַליסטאָק ״גילאָרינע״, אָנגעפירט דורך וויקטאָר בעבריק און יהודה גרינהויז, האָט אָבער אויך ניט געהאַט קיין אריכות־ימים.

א ברייטערן אויסקלאַנג אין קרייזן פון דער טעאַטער־וועלט האָט געהאַט ״דאָס באַוועגלעכע דראַמאַטישע טעאַטער״ געשאַפן דורך יאַנאַס טורקאָוו, וועלכער האָט שפּעטער אַר־

גאַניזירט אין קראָקע די טעאַטער-טרופּע, וואָס האָט געטראָגן אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, פון וואַנען עס איז ארויסגעקומען די באַרימט-געוואָרענע רחל האָלצער. מיטן טעאַטער האָט מיטגעאַרבעט דער דיכטער בער האָראָוויץ. שפּעטער האָט די אָנפירונג איבערגענומען אברהם מאָרעווסקי.

יאָנאַס טורקאָוו האָט אויך אָרגאַניזירט דעם וואַרשעווער נייעם יידישן טעאַטער "וויניט", וואָס האָט געשפּילט אין "עליזעאום".

ביי דער קולטור-ליגע אין וואַרשע האָט זיך געשאַפן די טעאַטער-סטודיע אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר מ. ווייכערט, ווו מען האָט אויך געלערנט יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, פּאָעטיק און דיאַלעקטאָלאָגיע, יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע, אַלגעמיינע און יידישע טעאַטער-געשיכטע, מימיק און פּלאַסטיק, ריטמיק און טאַנץ, סאָלפּעדזש און געזאַנג. עס זענען צוגעצויגן געוואָרן די בעסטע ספּעציאַליסטן, וואָס דאָס יידישע וואַרשע האָט פאַרמאָגט און נאָך עטלעכע יאָר



מאַסן-סצענע פון דער פּיעסע "מאיר עזאָפאָוויטש"

איז אויסגעוואַקסן דאָס עקספּערימענטאַלע "יונג טעאַטער", וואָס איז פון זיין ערשטן טראָט ענטוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן דורכן טעאַטער-עולם. שוין די ערשטע פאָרשטעלונג "באַסטאָן" איז געוואָרן אַ רעוואָלוציע, נישט נאָר צוליב איר אָריגינעלן און אייגנאַרטיקן אופן פון לייזן די סצענישע רוים-געשטאַלטיקונג אָן אַ בינע און אָן אַ פאָרהאַנג, נאָר אויך צוליב דער התלהבות פון די יונגע שוישפּילער, וועלכע האָבן מיטגעריסן די צושויער.

די צווייטע אויפפירונג איז געווען דער גאָלדפאַדען-ספּעקטאַקל "טרופּע טאַנענצאַפּ" און האָט אויך אויפגענומען מיט דער אָריגינעלער לעזונג און קינסטלערישן שוווּנג. די ווייטערדיקע אויפפירונגען זענען געווען דערגרייכונגען אין זעלבן גייסט און געגעבן דעם "יונג-טעאַטער" חשיבות און אַנערקענונג.

געווען נאָך אויפפירונגען, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט קינסטלעריש-שעפערישע אויפטוען, אַנסאַמבלען מיט ערנסטע שוישפּילערישע כוחות. לעבהאַפטיקייט האָבן אויך אריינגעברענגט די גאַסטשפּילן פון טאַלאַנטירטע שוישפּילער, סטאַרן פון אַמעריקע, מאָריס לאַמפּע, מאָריס שוואַרץ, מנחם רובין, רודאָלף זאַסלאַווסקי א.א.וו. פון די באַרימטע דייטשע בינע-קינסטלער: אַלעקסאַנדער גראַנאַך און קורט קאַטש.

אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען די אָפּערעטעס, מעלאָדראַמעס און אַלערליי רעוויעס. די יידישע אָפּערע פון משה בראָדערזאָן "דוד און בת-שבע", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין וואַרשע, רעזשיסירט דורך דוד הערמאַן, מוזיק פון הענעך קאָן.

*

שוין אין די ערשטע חדשים נאָכן סוף פון מלחמה האָט מען אין פּוילן אָנגעהויבן שפּילן יידיש טעאַטער. עס איז געווען די צייט, ווען איבער אַלע וועגן פון מערב-אייראָפּע האָבן זיך געבלאָנקעט די יידן, וואָס זענען ארויסגעקומען פון די דייטשע קאָנצענטראַציע-לאַגערן, פאַריתומטע, פאַראַבלטע, פּנים-אל-פּנים מיטן מוראדיקן חורבן, מיט דער קרעמאַטאָריע-שרעק, און געזוכט אַ באַדן אונטער די פיס, אַ וואַרעם ווינקל ווו צוצוטוליען דעם נאַקעטן געביין. אומעטום ווו זיי זענען געקומען, האָבן זיי געטראָפן נאָר קברים, חורבן און שנאה פון די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן פאַרנומען די יידישע דירות. אַ גרויסער טייל פון די יידן האָט זיך דעמלט פאַרהאַלטן אין ווראָצלאַוו, און דזשערזשאָניוו, ווו עס האָבן אין יענער צייט זיך גרופּירט עטלעכע יידישע אַקטיאָרן ארום זלמן קאָלעשניקאָוו און רעניע גליקמאַן, וועלכע זענען געקומען מיטן שוישפּילערישן סטאַזש פון דער ביאַליסטאָקער "גילאָרינע". זיי זענען גלייך ארויסגעטראָטן מיט אַ רעווי-פּראָגראַם, געזאַנג און רעציטאַציע. דערנאָך איז זיי געלונגען צו אָרגאַניזירן אַן אויפפירונג פון שלום-עליכמס "טביה דער מילכיקער" און "דער בלוטיקער שפּאַס".

מיטן אָנקומען פון רעפּאַטריאַציע־שטראָם האָט זיך אַרום די יידישע קאָמיטעטן גענומען אָרגאַניזירן דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן. פון סאַמאַרקאַנד איז געקומען א גרופּע אַקטיאָרן אונטער דער אָנפירונג פון משה ליפּמאַן, וועלכע האָט אין איר מערהייט זיך באַזעצט אין לאָדזש און גלייך אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער.

א צווייטע גרופּע האָט זיך באַזעצט אין נידערשלעזיע און געשאַפן דאָס נידערשלעזישע יידישע טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון יצחק טורקאָוו־גרודבערג, שעפטל זאַק און יעקב קורלענדער.

ביידע אַנסאַמבלען האָבן זיך אָנגעצייכנט א ריכטליניע, וואָס האָט געדאַרפט טראָגן אַן אויסשליסלעך געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער און שטיין אויף א קינסטלערישן ניוואָ. די דעמאָלטדיקע עקאָנאָמישע לאַגע פון יידישן אַקטיאָר איז, אמת, נישט געווען קיין פויגלדיקע, אָבער די הילף פון יידישן קאָמיטעט האָט פאַרזיכערט א מינימום, אַזוי אַז מען איז נישט געווען אויסגעשטעלט נאָר אויף דער קאַסע און מען האָט זיך געקענט דערלויבן צו שטעלן קינסטלערישע פאָ־דערונגען און נישט דאַרפן אַראָפּלאָזן זיך צום געשמאַק פון ברייטן עולם.

די ערשטע פאָרשטעלונג פון דער נידערשלעזישער טרופּע איז געווען שלום־עליכמס "דער בלוטיקער שפּאַס". דער עולם אין די נידערשלעזישע שטעט און שטעטלעך איז געווען אויסגעהונגערט נאָך טעאַטער, האָט געלעכצט צו זען א גוטן שוישפּילער און געוואָלט אָנקוקן אַן עכטע טעאַטער־פאָרשטעלונג. "דער בלוטיקער שפּאַס" איז דערפאַר טאַקע אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס וואַרעמקייט. די טעאַטער־פאָרשטעלונג האָט אויך געגעבן א געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך, דערוואַרעמען די געמיטער.

דער אַנסאַמבל האָט זיך געמוזט באַגנוגענען מיט פּיעסן פון אייזערנעם רעפּערטואַר פון יידישן טעאַטער און האָט געשפּילט יעקב גאָרדינס "כאַסיע די יתומה" און "שחיטה", רעזשיסירט דורך אייגענע כוחות: שעפטל זאַק און יעקב קורלענדער, וועלכע האָבן אינצווישן צונויפגעשטעלט אויך א קאָנצערט־פּראָגראַם, אין וועלכן עס האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן די לידער פון איציק פעפער, א פראַגמענט פון דוד בערגעלסאָנס א דערציילונג, א מאָנאָלאָג פון א. וועוויורקע, ווי אויך געטאָ־לידער.

אין דורכשניט איז דעמלט יעדער ספּעקטאַקל געשפּילט געוואָרן ביז 15 מאָל. אין משך פון ערשטן האַלבן יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דאָס טעאַטער געגעבן איבער 60 פאָרשטעלונגען אין די פאַרשיידענע ישובים פון נידערשלעזיע, ווי: ווראָצלאַוו, ריכבאַך, וואַלבזשיך, ליגניץ, ביעלאַווע, שווידניץ, פּיאָטראָלעשע, יאַוואָר, זלאָטאָריע, זשעמביצע, יע־לעניא־גורא, קאַמיענגא־גורא, ליובאַווקע. אין אַלגעמיין האָבן די פאָרשטעלונגען פאַר אָט דער צייט געזען אַריבער 40 טויזנט צושויער.

אין יעדן גרעסערן און קלענערן ישוב זענען די יידישע קאָמיטעטן געווען די פאַקטישע אָרגאַניזאַטאָרן פון די פאָר־שטעלונגען, געהאָלפן זיי אין יעדן פּרט.

אינעם וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, ווו עס זענען געווען פאַרטרעטן פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאַרטייען, האָט זיך געשאַפן א ספּעציעלע טעאַטער־קאָמיסיע, וואָס האָט דערטיילט דעם טעאַטער א מאָנאַטלעכע סובווענץ, געהאָלפן ביים צו־גרייטן א פּרעמיערע, אויסהאַלטן די הוצאות אויף דעקאָראַציעס און קאָסטיומען. פון ערנסטן באַדייט איז געווען די הילף פון דער דזשאָינט־דירעקציע אויף פוילן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער רעפּערטואַר פון טעאַטער איז געווען אונטערגעוואָרפן דער קאָנטראָל פון דער יידישער פּאַרטיי־סעקציע ביים וואָיעוואָדישן קאָמיטעט. איר איז דער עיקר געגאַנגען, עס זאָלן זיך נישט אַריינכאַפּן קיין צו־שטאַרקע נאַציאָנאַלע עלעמענטן. עס איז אָבער דאָרט נישט געווען ווער עס זאָל אימשטאַנד זיין צו העלפן דעם טעאַטער אַנטוויקלען זיין קינסטלערישן ניוואָ און זיי האָבן זיך דעריבער געמוזט פולשטענדיק סומך־זיין אויף די טעאַטער־פאַכקענער צווישן די שוישפּילער און אָנפירונג פונעם טעאַטער.

א טראָט פאָרויס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער גרויסער גאָלדפאַדען ספּעקטאַקל, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין שייכות מיט דער דאַטע 70 יאָר יידיש טעאַטער. עס איז דאַן אויפגעפירט געוואָרן די באַקאַנטע פאָלקסטימלעכע קאָמעדיע "צוויי קוני לעמלס". צום רעזשיסירן דעם ספּעקטאַקל האָט די אָנפירונג איינגעלאַדן אידא קאַמינסקאַ'ן, וועלכע האָט געוווינט אין לאָדזש און איז צוליב דעם צוועק ספּעציעל געקומען קיין וואָרצלאַוו. די מוזיק האָט געשריבן דער איינציקער יידישער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז דאַן געווען אין פוילן, שלמה פּריזאַמענט. די באַקאַנטע באַלעט־מייסטערין יהודית בערג האָט איינשטודירט די טענץ צו דער פאָר־שטעלונג.

ערגער איז געווען מיט די דעקאָראַציעס. אין גאַנץ פוילן האָט זיך אין יענער צייט נישט געפינען קיין איין יידישער קינסטלער, וועלכן מען זאָל קענען אָנפאַרטרויען דאָס צוגרייטן דעקאָראַציעס צו א טעאַטער־פאָרשטעלונג און מען האָט דערפאַר געמוזט זיך ווענדן צום פוילישן מאָלער אַלעקסאַנדער יענדזשעיעווסקי, וועלכער האָט ווירקלעך פּראָיעקטירט פאַר־בנרייכע און בילדערישע דעקאָראַציעס.

די "צוויי קוני־לעמלס" אין דער רעזשי פון אידא קאַ־מינסקאַ האָט נישט געהערט צו די מאָדערנסטע אויפפירונגען, אָבער דווקא דאָס תמימותדיק־גאָלדפאַדענישע, וואָס איז באַזונדערס אונטערגעשטראָכן געוואָרן פון פּראָלאָג ביזן פינאַל, האָט גענומען דעם עולם, געשאַפן דעם קאָנטאַקט צווישן דער בינע און זאַל.

צום נידערשלעזישן קאָלעקטיוו האָבן געהערט די אַקטרי־סעס: געניע אמזעל, רות טאַרו־קאָוואַלסקאַ, בעטי לאַטאָוויטש, אסתר פּערלמאַן, חיהלע ראָזנטאַל; די אַקטיאָרן: שמעון אָסאָוויצקי, יצחק גרודבערג־טורקאָוו, מאַקס וואַרשאַווסקי, יוסף ווידעצקי, שעפטל זאַק, יצחק לאַטאָוויטש, קאַרל לאַ־טאָוויטש, חנן לעוונשטיין, יעקב קורלענדער, משה שוויליך.

נישט געקוקט אויפן מאָראַלישן דערפאָלג איז די הויפּט־שוועריקייט פאַר דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פונעם טעאַטער געווען דער פאַקט, וואָס עס האָט אים געפעלט א היים, אַן אייגענער טעאַטער־בנין. יעדע פאָרשטעלונג איז געגרייט געוואָרן אין שווערע באַדינגונגען, וואָס האָבן צוגענומען א סך אָנשטרענגונג און געהאַמעוועט דעם שוווּנג.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין נידערשלעזיע אַנטוויי־

קלט א לעבהאפטיקע קינסטלערישע זעלבסטעטיקייט פון ליבהאָבער־קרייזן. גאנץ אָפט האָבן זיי פארטראָטן די פונקציע פון א געגנט־טעאטער. אזעלכע דראמקרייזן האָבן זיך געשאפן אין ריכבאך, וואלבזשיך, ווראָצלאוו, ביעלאווע, יאוואָר, שווידניץ, ליגניץ און אנדערע נידערשלעזישע שטעטלעך.

אין אָנהייב יאָר 1947 איז אין ווראָצלאוו פאָרגעקומען דער ערשטער פעסטיוואל פון די דראמקרייזן, וואָס האָט געדארפט זיין א דעמאָנסטראציע פון שעפערישער יידישער קולטור־טעטיקייט. עס איז ווירקלעך געקומען צום אויסדרוק די געזונטע בענקשאפט פון יונגע און דערוואקסענע נאָך טעאטער־גענוס און סצענישע זעלבסטעטיקייט, אָבער ביי קיין איינעם פון די קרייזן האָט זיך נישט געשטעלט קיין שום קאָנקרעטיזירטע קינסטלערישע אויפגאבע. על־פי־רוב האָט זיך ארויסגעריסן דאָס שרייאיקע, אגיטאטאָרישע, וואָס א ריי אמאטאָרן האָבן מיט זיך מיטגעברענגט פון די סאוויעטישע פראָווינצן.

די לאָדזשער טרופע אונטער דער אָנפירונג פון משה ליפמאן און שפעטער אידא קאמינסקא, האָט דעם גרעסטן דערפאָלג געפייערט מיט בוימאנס "גליקל האמעלן" מיט אידא קאמינסקא אין דער הויפטראָל; אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט פארמאָגט ערנסטע אקטיאָרישע כוחות, האָט זי נישט ארויסגעוויזן אזא לעבהאפטיקייט ווי די נידערשלעזישע גרופע. ביסלעכווייז זענען פון ביידע גרופן אָפגעפלאָסן כוחות — ארויסגעפאָרן פון פוילן און דאָס האָט לסוף געפירט צום פאראייניקן ביידע גרופן אין איין טעאטער, וואָס איז אין יאָר 1950 געוואָרן פארמלוכהשט, אונטער דער אָנפירונג פון אידא קאמינסקא.

א געוויסע צייט האָבן אין פוילן געשפילט דזשיגאַן און שומאכער מיט א קליינעם אנסאמבל. בסך הכל האָבן זיי געגעבן צוויי אָדער דריי רעווי־פראָגראמען. צומלעצגסטן האָבן זיי געשפילט דעם פראָגראם "באלעבאטיש און דעקמאָקראטיש", א שיינע פאָרשטעלונג פון יידישער קליינקונסט. אין א קורצער צייט שפעטער זענען זיי ארויסגעפאָרן פון פוילן.

אן אויפלעבונג אין יידישן טעאטער האָט אריינגעברענגט דאָס קומען פון יעקב ראָטבוים קיין פוילן. ראָטבוים געהער צום טיפ רעזשיסערן, וואָס באווייזן זיך נישט צו אָפט פארן עולם מיט אן אויפפירונג, אָבער יעדע אויפפירונג, מיט וועלכער ער איז געקומען, האָט געהאט איר וואָג און אויסדרוק. שוין די גרויסע איבערקלויבערישקייט פון טעמאטיק ביי ראָטבוימען האָט געמוזט רעגן דעם טעאטער־מענטש און דעם טעאטער־עולם. אויפגעפירט ראָבלעס "דער גרויסער נסיון", אן אריגינעלע שאפונג פון דער מאָדערנער דראמאטורגיע. דערנאָך איז געקומען זיין מאָנומענטאלע אויפפירונג "דער לויף קיין פראגאלא", אין זיין אינסצעניזאציע פון ראָמאן פונעם יידיש־פוילישן שרייבער י. סטריקאָווסקי. א פילפארביקע און הומאָרפולע איז געווען "200.000" פון שלום עליכם. ראָטבוים האָט אין איר אריינגעלייגט א סך מי און שעפערישע איגוועניץ. אויך די דאָזיקע זאך אין געווען רעזשיסערישער און שוישפילערישער דערפאָלג און האָט געהערט צו די שיינע פאָזיציעס אינעם רעפערטואר פון יידישן מלוכה־טעאטער אין פוילן, האָט זיך אָבער נישט געקאָנט פארגלייכן מיט זיגמונט טורקאָווס אויפפירונג פון שלום־עליכמס "בלאָנדזשנדיקע שטערן", מיט וועלכער עס איז געעפנט געוואָרן אין ווראָצלאוו דער טעאטער־בנין א. נ. פון אסתר־רחל קאמינסקא.

א גרויסע אויפפירונג אין דער דראמאטיזאציע און רעזשי פון יעקב ראָטבוים איז געווען "סענדער בלאנק", אין א שפילעוודיק־קאָמעדישער פאָרם, אָבער מיט א סך אויסדרוקלעכקייט פון די געשטאלטן, וואָס זענען אָפט דערגאנגען ביז שארזשירטקייט. דער דורכשניטלעכער ניוואָ פון די אקטיאָרן האָט זיך אונטער ראָטבוימס לייטונג געהויבן. דער סצענישער סטיל לאָזט זיך צומבעסטן באצייכענען ווי געאידלטער רעאליזם, ווייט פונעם סאָצרעאליזם, וואָט איז געפאָדערט געוואָרן פון די מאָסגעבנדיקע קרייזן.

ראָטבוים איז געבליבן טריי זיין טעאטראלן קרעדאָ און אפילו די סאָוויעטישע פיעסן, וואָס ער האָט רעזשיסירט, האָט ער אָפגעהיטן אין זיי דאָס טעאטראלע, וואָס ער האָט געשטעלט העכער איבערן אגיטאטאָרישן.

מער נאָכגעגעבן זיך דעם סאָצרעאליסטישן פרינציפ האָבן די יונגערע רעזשיסערן, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט פונעם אנסאמבל גופא. אזעלכע זענען געווען די פאָרשטעלנוגען:
"די ערשטע ליבע", אנדריי אוספיענסקי "דריי פריינד" א.א.

אין יאָר 1957 איז דער רוב יידישע אקטיאָרן עולה געווען קיין ישראל און עס האָט זיך אָנגהויבן א וועגעטאציע פון יידישן מלוכה־טעאטער אין פוילן, וועלכעס מען האָט נאָך געפרוווט דערהאלטן מיט קינסטלעכע מיטלען. מען האָט זיך אויסגעבאָרגט כוחות פון די פוילישע טעאטערס. פוילישע אקטיאָרן און אקטריסעס האָבן געשפילט יידישע ראָלן, גערעדט א צעבראָכענעם יידיש. דאָס האלט אָן ביזן הייגטיקן טאָג, אויך נאָך אידא קאמינסקא'ס ארויספאָרן קיין אמעריקע. פונקט ווי די יידישע קולטור־געזעלשאפט און נאָך עטלעכע יידישע אינסטיטוציעס, ווערט אויך דאָס יידישע טעאטער געהאלטן בלויז פאר פארבלענדן דער וועלט די אויגן, עס זאָל הייסן, אז אין פוילן עקזיסטירט נאָך יידיש געזעלשאפטלעך לעבן.

ד״ר מאַקסימיליאַן טאַוכנער

# יידישע פּרעסע אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן

עס וועט אַמאָל דאַרפן קומען א קינסטלער מיט א גרויסן טאַלאַנט צו באַשרייבן דעם וווּנדערבאַרן פאַרמעסט און די געוואַלדיקע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע באַדייטונג פון קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און קאַמף, וואָס די יידישע פּאָליטישע פירער, געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטייאישע עסקנים אין פּוילן האָבן באַלד נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געפירט פאַר דער נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג און פאַר אָנהייבן א נייע עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע.

עס וועלן דאַרפן באַשריבן ווערן די יסורים פון די אָפּגעראַטעוועטע געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטייאישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן אין אָנבליק פון מוראדיקן חורבן געדאַרפט באַפרייען זיך און אַנדערע פונעם טעמפּן ווינקל, וווּהין עס האָט אונדז פאַרטריבן די יידישע טראַגעדיע; אַרויסרייסן זיך פון פינצטערן קאָשמאַר, באַזיגן דעם יאָמער, פאַרצווייפלונג און פאַריתומטקייט און מיט לייב און לעבן אַריינוואַרפן זיך אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, ווערן די שארית הפליטה צו א ניי לעבן, פירן א ברייטע אויפקלערונג און דערציערישע אַרבעט, וועקן די שעפערישע כוחות אין יידישן לעבן און צופּאַסן זייערע אַקטיוויטעטן צו דער נייער לאַגע.

נאָך אײדער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער רעפּאַטריאַציע־שטראָם פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד, איז אין לובלין געשאַפן געוואָרן די יידישע פּרעסע־אַגענטור, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער באַגאַבטער זשורנאַליסט יהושע ז״ל און זי האָט שפּעטער פאָרגעזעצט איר טעטיקייט אין לאָדזש, ווו עס האָט אין יאָר 1945 אָנגעהויבן דערשיינען ״דאָס נייע לעבן״ אונטער דער רעדאַקציע פון מיכאל מירסקי.

די צייטונג, וועלכע איז אין אָנהייב דערשינען איין מאָל אין דער וואָך און אין א קורצער צייט אַרום אָנגעהויבן דערשיינען דריי מאָל אין דער וואָך, איז געשאַפן געוואָרן אַלס דער אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון יידן אין פּוילן. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען דער צענטראַלער יידישער קאָמיטעט האָט זיך איבערגעטראָגן פון לובלין קיין וואַרשע און האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די פאַראייניקטע קערפּערשאַפט פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס, כדי בשותפות העלפן שטעלן אויף די פיס די יידן, וואָס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פונעם גרויסן חורבן. אין דאָזיקן קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט זיינע אָפּטיילונגען אין די גרעסערע שטעט און אין די צוגעקומענע מערב־געביטן פון פּוילן, זענען געווען פאַרטרעטן די פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאַרטייען און די צייטונג האָט במילא אָפּגעשפּיגלט דעם נס פונעם אַנטשטיין פון יידישן לעבן און פון דער פּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וואָס האָט ווידער גענומען שפּראָצן אין פּוילן אויף די חורבות פון דריי־מיליאָניקן יידנטום.

אינעם לאַנד פון ערשט איבערגעלעבטן מוראדיקן נאַציאָנאַלן אומגליק, זענען די יידישע קאָמוניסטן געקומען מיט זייער פּראָגראַם פון ווידעראויפבוי פון יידישן לעבן אויף דער פּוילישער ערד, וואָס האָט געדאַרפט אַריינגעמען אויך דאָס אויפלעבן די יידישע קולטור, יידיש דערציונגס־וועזן, אָבער אין אמתן געהאַט דעם ציל פון יידישער זעלבסטפאַרלייקענונג און אַסימילאַציע אין דער אַלט־באַקאַנטער פאָרם און פאַרב פון די יידישע קאָמוניסטן אין ראַטנפאַרבאַנד (יעווסעקציע).

די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן אין דער אַרבעט פון יידישן קאָמיטעט אַריינגעברענגט יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט און געזעלשאַפטלעכע אחריות און טאַקע א דאַנק דער באַטייליקונג פון ציוניסטישע עסקנים מיט זייערע פּובליציסטישע אַרבעטן אין ״דאָס נייע לעבן״, האָט אין אָנהויב די צייטונג געהאַט אין א געוויסער מאָס א נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און איז נישט דערלאָזט געוואָרן צו איגנאָרירן די שטרעבונגען פון יידישן פאָלק צום אויפבויען זיין נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל. די ציוניסטישע פּובליציסטן האָבן געטון אַלץ, אַז די אידעע פון אויפבויען א יידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל זאָל קומען צום אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון דער דאָזיקער צייטונג.

דער צושטאַנד פון ״פרידלעכער קאָעקזיסטענץ״ מיט די יידישע קאָמוניסטן האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. מיטן גרויסן רעפּאַטריאַציע־שטראָם, וואָס האָט געברענגט קיין פּוילן ביי א פערטל מיליאָן אָפּגעראַטעוועטע יידן, האָט דאָס ערשטע אָרט אין דער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג פאַרנומען די אַקציע צו פּראָפּאַגירן און אָרגאַניזירן די יציאת פּוילן, דעם ״עקזאָדוס״ פון דער שארית הפליטה. ״דאָס נייע לעבן״, וואָס איז פאָרמעל געווען דער אָרגאַן פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, האָט אָבער אין דער ווירקלעכקייט געקינדיקט די צוזאַמענאַרבעט מיט די ציו־

ניסטישע פאַרטייען און פאַרשלאָסן די שפּאַלטן פון דער צייטונג פאַר ציוניסטישער פּובליציסטיק. אין דער צייטונג איז זייט דאַן אָפן אָנגענומען געוואָרן די טעזע פון ווידער־אויפבויען דעם יידישן ישוב אין פוילן אויף דער באַזע פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט דעריבער פאַר איר פּובלי־ציסטישער טעטיקייט גענויטיקט זיך אין אייגענעם וואָפן, אייגענע פּרעסע־אָרגאַנען. די ערשטע האָט דערויף רעאַגירט די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „איחוד" אין פוילן און באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטשריפט א. נ. „איחוד". אין אָנהויב איז די צייטשריפט, אונטער דער רעדאַקציע פון יוליאַן הירשהויט, דערשינען אין יידיש און אין אַ קורצער צייט אַרום אויך אין פויליש. באַלד דערנאָך איז די רעדאַקציע פון „איחוד" איבערגענומען געוואָרן דורך מאַקסימיליאַן טאוכנער.

ציוניסטישן געדאַנק, האָבן די פּובליציסטישע אַרבעטן גע־רעדט צום האַרץ און מוח פון די יידישע מאַסן און דערביי איז אין דער צייטונג געווידמעט געוואָרן אויך פיל אָרט און אויפ־מערקזאַמקייט די איבערלעבענישן פון די אָפּגעראַטעוועטע יידן פון די געטאָס און לאַגערן און זייער העלדישן קאַמף פאַרן לעבן.

אַרום דער צייטונג האָבן זיך גרופּירט יידישע שרייבער, היסטאָריקער און אויך אָנטיילנעמער אין די אויפשטאַנדן און אין די געטאָס. די צייטונג האָט אינפאָרמירט וועגן די מאָרדן פון דער פוילישער אונטערערד, אָבער דער עיקר־אויפמערקזאַמקייט איז געשענקט געוואָרן דער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קאַמף פאַר עליה. די אַרטיקלען זענען געשריבן געוואָרן דורך פּראָמינענטע ציוניס־טישע מנהיגים, וואָס האָבן אויסגעפילט יעדן נומער מיט אַ סאָלידן און אינטערעסאַנטן אינהאַלט איבער די גרונט־

„JOHUD" פּרייז 5 זל. Luty-Marzec 1947 אדר תש״ז, פעברואַר־מערץ № 2 (18)

# איחוד

ציוניסטיש־דעמאָקראַטישער אָרגאַן

## חבר יצחק גרינבוים אין פוילן — ברוך הבא!

אין איינקלאַנג מיט די אידעאָלאָגישע גרונט־הנחות פון אַלגעמיינעם דעמאָקראַטישן ציוניזם, האָט „איחוד" זיך אונ־טערגענומען צו זיין אַ פרייע און מוטיקע טריבונע פאַר די אמתע יידישע זאָרגן אין יענער צייט. פאַרן פאַרטיפן די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען אין יידישן פאָלק, פאַר אויפקלערן און סטימולירן די אידענטיפיקאַציע פון די פוילישע יידן מיטן קאַמף פון ארץ־ישראלדיקן ישוב פאַר מלוכהשער זעלבשטענדיקייט.

„איחוד" האָט פאַרנומען אַ ספּעציפישע פּאָזיציע אין דער יידישער פּובליציסטיק פון נאָכמלחמהדיקן פוילן. ווי אַן אידעאָלאָגישער אָרגאַן האָט ער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אינעם קאַמף פאַר די פּאָסטולאַטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. קאָנצענטרירנדיק זיך אַרום דעם הויפּט־ציל פון

פּראָבלעמען פון יידישן לעבן און איבערן קאַמף פון יידישן פאָלק פאַר זיין צוקונפט און די גרויסע שאַנסן פאַרן אויפבוי פון דער יידישער מדינה.

אין יאָר 1946 איז „איחוד" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אָפּיניאַ", (אין דער פוילישער שפּראַך) אויך רעדאַגירט דורך מאַקסימיליאַן טאוכנער. די נייע צייטשריפט האָט מיט איר ניוואָ און ווירקונג פאַרנומען אַן אייגן און פּראָמינענט אָרט צווישן די יידיש־פוילישע פּובליקאַציעס אין פוילן. זינט איר בראשית ביזן יאָר 1950, ווען זי האָט געמוזט אָפּשטעלן איר טעטיקייט, איז „אָפּיניאַ" געשטאַנען אויף דער וואַך פון ציוניסטישן געדאַנק, געברענגט אַ רייכן אויסוואַל פון אינפאָרמאַציעס און אָפּהאַנדלונגען פון ישראלדיקן לעבן און אַקטועלע יידישע פּראָבלעמען. גלייכצייטיק איז געווידמעט

געוואָרן א סך אַרט דעם נייעם אופן פון דער יידישער אַפּאַלאַגעטיק, אין וועלכער דער צענטראַלער פּונקט איז געווען צו באַגרינדן די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער שטרעבונג צו אן אייגענער מלוכה. מען דאַרף דערביי געדענקען, אז אין יענער צייט איז נישט געווען אזוי איינפאַך ארויסצוטרעטן אין פּוילן קעגן דער קאָמוניסטישער טעזע, אז דער ציוניזם איז א נאַציאָנאַליסטישע און רעאַקציאָנערע באַוועגונג. די ציוניסטישע פּובליציסטן איז אויסגעקומען צו באַנוצן זיך מיט ציטאַטן פון מאַרקס, לענין און סטאַלין, מיט וועלכע זיי האָבן באַוויזן, אז דער קאַמף פאַר א יידישער מדינה איז א נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־קאַמף און איז דערפאַר פּונקט אזוי פּראָגרעסיוו ווי די פרייהייטסבאַוועגונגען פון אנדערע פעלקער.

א דאַנק דעם הויכן ליטעראַרישן ניוואָ איז "אַפּיניאַ" געלונגען אריינצוציען פּוילישע שרייבער, היסטאָריקער און קולטור־טוער, וועלכע האָבן אויף די שפּאַלטן פון אונדזער צייטונג געדרוקט נישט נאָר די ליטעראַרישע אַרבעטן, עסייען און פּאָעמעס, נאָר אויך ארויסזאָגונגען, אין וועלכע זיי האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיט די יידן און זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען.

א סך אַרט איז אין "אַפּיניאַ" אָפּגעגעבן געוואָרן דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע. א ספּעציעלער נומער געווידמעט דעם יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט געמאַכט אן אומפאַרגעסלעכן רושם צווישן אַלע שיכטן אין דער יידישער באַפעלקערונג. ספּעציעלע אויסגאַבן זענען דערשינען צום 22־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין יאָר 1946 אין באַזעל, די ספּעציעלע אויסגאַבן צום אַנטשטיין פון מדינת ישראל, אין יאָר 1948, זענען ממש צעכאַפּט געוואָרן ביזן לעצטן עקזעמפּלאַר. עס איז אין זיי געקומען צום אויסדרוק די גוואַלדיקע התלהבות, וואָס האָט ארומגענומען די אָפּגעראַטעוועטע יידן אין פּוילן. "אַפּיניאַ" איז דעמאָלט דערשינען אילוסטרירט מיט בלוי־ווייסע פענער, מיט בילדער פון ד"ר הערצל און אנדערע ציוניסטישע מנהיגים. "איחוד" איז דאַן ארויס מיטן מאַניפעסט, וואָס האָט גערופן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג צו זאַמלען זיך ארום דער יידישער מדינה און זיין גרייט אַנטיילצונעמען אינעם רעאַליזירן די אויפגאַבן, וועלכע זענען פון דער געשיכטע געשטעלט געוואָרן פאַרן יידישן פאָלק.

א ספּעציעלע אויסגאַבע פון "אַפּיניאַ" איז דערשינען צום באַזוך פונעם גרויסן באַליבטן מנהיג יצחק גרינבוים אין פּוילן.

אין סעפּטעמבער 1949 איז דערשינען דער לעצטער נומער "אַפּיניאַ". דאָס איז געווען פאַר ראש השנה און אויף זיין פאָדערבלאַט איז געווען די אילוסטראַציע פון א ייד איינגעהילט אין א טלית, וועלכער בלאָזט שופר. דאָס איז געווען אן אויסדרוקפולער סימבאָל פאַרן זשוראַנל, וואָס האָט אין משך פון פינף יאָר געקעמפט און געפירט א מסירת־נפשדיקן געראַנגל פאַר דער נשמה פון יידישן פאָלק, דעם אזוי שווער געפּרוווטן אין די טראַגישע מלחמה־יאָרן.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין פּוילן איז באַלד דערנאָך ליקווידירט געוואָרן. דאָס איז פאַקטיש געווען דער סוף פון דער יידישער פּרעסע אין פּוילן און גלייכצייטיק דער אָנהויב פונעם סוף פון די גרויסע און שיינע טראַדיציעס אינעם טויזנט־יאָריקן יידישן לעבן אין פּוילן.

מיטן ארויספאָר פון ערשטן שעף־רעדאַקטאָר פון "דאָס נייע לעבן", מיכאל מירסקי קיין אַמעריקע, האָט די רעדאַקציע איבערגענומען בער מאַרק ז"ל און די צייטונג איז דערשינען פיר מאָל אין דער וואָך. עס האָבן זיך גרופּירט ארום איר די שרייבער, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון ראַטנפאַרבאַנד. דאָס האָט אָנגעהאַלטן נאָר א קורצע צייט און די שרייבער זענען זיך צעגאַנגען צו מיטאַרבעט אין די פאַרשיידענע אויסגאַבן ביי אנדערע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. עס זענען אין יענער צייט דערשינען פאַרשיידענע פּובליקאַציעס, וואָס עס האָבן ארויסגעלאָזט כמעט אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין משך פון די יאָרן 1946/49 און זיי האָבן געהאַט ערנסטע פאַרדינסטן פאַרן אויפקלערן און געשטאַלטיקן דעם באַוווסטזיין פון דער יידישער באַפעלקערונג. געווען אויך ערנסטע איניציאַטיוון אָבער פּונקט ווי די פאַרשיידענע ביולעטינען, בראָשורן און אנדערע אויפקלערונגסמאַטעריאַלן, זענען זיי נישט ארויס רעגלמעסיק און זענען נישט געווען אויסגערעכנט אויף א לענגערער עקזיסטענץ.

אָפּשטעלן דאַרפן מיר זיך אויף די מער־ווייניקער רעגולערע אויסגאַבן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן א לענגערע צייט ביזן אויפלעזן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן אין יאָר 1950. אזא אז געווען די וועכנטלעכע אויסגאַבע פון די לינקע פּועלי־ציון "די יידישע אַרבעטער צייטונג" און יוגנט־אויסגאַבע "באַפרייאונג". די "יידישע אַרבעטער צייטונג" האָט רעדאַגירט דער שרייבער ישראל אַשנדאָרף ז"ל. אין דער זעלבער צייט האָט די לינקע פּועלי־ציון ארויסגעגעבן א צייטשריפט אויך אין דער פּוילישער שפּראַך "פּשעלאָם" אונטער דער רעדאַקציע פון אַדאָלף בערמאַן. די דאָזיקע אויסגאַבן האָבן געקעמפט פאַר די פּאָסטולאַטן פון ציוניסטישן סאָציאַליזם און פּראָפּאַגירט דעם געדאַנק פון עליה. אזעלכע אין אויך געווען די צייטשריפט פון פּועלי־ציון צ. ס. "נאַשע סלאָוואָ", אונטער דער רעדאַקציע פון ה' הערצבערג.

אויף א הויכן ניוואָ איז געשטאַנען די וועכנטלעכע אויסגאַבע פון השומר הצעיר "מאָסטי", וואָס איז דערשינען אין דער פּוילישער שפּראַך. די צייטונג איז רעדאַגירט געוואָרן דורך א רעד־קאָלעגיע, וואָס האָט זיך באַמיט צו געבן דעם פּויליש־רעדנדיקן לייענער א ריכטיקע פאָרשטעלונג פון יידישע פּראָבלעמען אין פּוילן און ארץ ישראל אין גייסט פון דער אידעאָלאָגיע פון השומר הצעיר.

אין וראָצלאַוו איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורכן וואָיעוואָדישן יידישן קאָמיטעט א וואָכנבלאַט אין פּויליש א. נ. "נאָווע זשיציע", רעדאַגירט דורך י. מ. בידערמאַן און יצחק טורקאָוו ז"ל. די אויסגאַבע האָט געצילט צו פאַרשטאַרקן די אידעע פון בויען דעם יידישן ישוב אין נידערשלעזיע, אָבער אויך דאָ האָבן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס געפירט דעם קאַמף צו ברענגען צום אויסדרוק די שטרעבונג צו עליה און בויען די יידישע היים אין ארץ ישראל. אין דער צייטונג האָבן מיטגעאַרבעט מיט אַרטיקלען און קאָרעספּאָנ־

דענצן אויך די פאַרשטייער פון די פאַרשידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין נידערשלעזיע און זענען געווען פאַרטרעטן אין יידישן קאָמיטעט.

אין דער זעלבער צייט אין דערשינען אין ווראָצלאַוו די וואָכנשריפט ״נידערשלעזיע״ אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק טורקאָוו ז״ל און שמעון קאַנץ. אין דער דאָזיקער צייטונג האָט אָפּגעקלונגען יעדעס יידישע געשעעניש אין נידערשלעזישן ישוב, וועלכער האָט אין יענער צייט אַרויסגעוויזן אַ סך דינאַמישקייט. עס האָבן זיך דאָרט באַטייליקט פאַרשטייער פון אַלע ריכטונגען און די אויסגאַבע האָט אַנטוויקלט אַ גוטע אינפאָרמיר־אַרבעט; זי איז דערשינען רעגולער ביזן יאָר 1954.

די יוגנט־אָפּטיילונג ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן, האָט אין משך פון די יאָרן 1947—1949 אַרויסגעגעבן אַן אילוסטרירטן חודש־זשורנאַל ״אויפגאַנג״, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָבלעמען פון דער יידישער יוגנט אין פּוילן און געהאַט די דורכויסיקע טענדענץ צו קאָנצענטרירן די יידישע יוגנט אין איין אָרגאַניזאַציע, אָבער מיט אַ פּאָזיטיווער באַציאונג צו דער פראַגע פון טראָגן הילף דעם קעמפנדיקן ישראל. דאָס איז געווען אין גייסט פון דער דעמאָלטיקער סאָוויעטישער אויסערן־פּאָליטיק.

אין די לעצטע יאָרן איז דער ״אויפגאַנג״ דערשינען אין יידיש און אין פּויליש, אַלץ אין קורצע קאָמענטאַרן, אין אַ בצימצומדיקער שפּראַך, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אילוסטרירטן מאַגאַזין.

מיט מירסקיס צוריקקומען פון אַמעריקע האָט נאָך אין 1946 גענומען דערשיינען אין לאָדזש די ״יידישע פאָלקס־שטימע״ אַלס אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ. פּ. ר.) אין דער יידישער שפּראַך. דאָס איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן קאָמוניסטישע צייטונג, וואָס איז שפּעטער אין יאָר 1950 נאָכן אויפלעזן זיך פון די ציוניסטישע פּאַרטייען, צונויפגעגאָסן געוואָרן מיט דער רעדאַקציע ״דאָס נייע לעבן״ און אַ. נ. ״פאָלקס שטימע״, אונטער דער רעדאַקציע פון הערש סמאָלאַר געווען דער אָרגאַן פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט, וואָס האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון יידישן קאָמיטעט, געטראָגן אַ האָמאָגענישן קאָנפאָרמיסטישן כאַראַקטער און איז דעגראַדירט געוואָרן צו דער ראָל פון אויספירן די באַפעלן פון קאָמוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט.

אַ געוויסע צייט האָט דער ״בונד״ אַרויסגעגעבן די ״פאָלקס צייטונג״ ווי אַ צוויי־וועכנטלעכע אויסגאַבע, וואָס האָט געפּרוווט פּראָפּאַגירן דעם פּראָגראַם פון ״בונד״ אַזוי ווי פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער זי איז פון אָנהויב אָן געווען פאַראורטיילט אויף באַדייטונגסלאָזיקייט.

די יידישע פּרעסע אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן האָט באַוויזן די וויטאַליטעט און קעמפערישן כוח, דעם אידעאַליזם און מוט ביים אַרויסברענגען די גרויסע שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער אידענטיפיקאַציע, וואָס עס האָט פאַרמאָגט דער יידישער ישוב אין פּוילן.

די פילפאַרביקע יידישע פּרעסע, וועכנטלעכע און חודשלעכע אויסגאַבן, איינמאָליקע פּובליקאַציעס — האָבן אָפּגעשפּיגלט די פּערמאַנענץ פון יידישן גייסט, די עקשנות פון די פאַרשידענערליי שטרעמונגען צו דערפילן זייערע אויפגאַבן פאַר תחית המתים פון יידישן לעבן, פאַרן פאַרזיכערן דעם אָנווענד פון אונדזערע ענערגיעס אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער אידעע פון יידישן רענעסאַנס.

באַמערקונג פון דער רעדאַקציע: די ״פאָלקס־שטימע״ דערשיינט ביז היינט איין מאָל אין דער וואָך, אַלס אָרגאַן פון יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די יידן אין פּוילן. דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון דער ״פאָלקס־שטימע״, הערש סמאָלאַר, געפינט זיך אין ישראל. דער ליטעראַרישער חודש־זשורנאַל ״יידישע שריפטן״ האָט אויפגעהערט צו דערשיינען אין י. 1968. דאַקעגן דערשיינט נאָך דער ״ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט״ אין וואַרשע.

ק. סעגאל

# יידן אין איצטיקן פוילן

א פאר ווערטער וועגן דעם יידישן ישוב אין פוילן היינט, וועגן דעם ישוב, וואָס נעמט היינט ארום עטלעכט טויזנס אונדזערע ברידער — מיר האָבן נישט קיין גענויע סטאטיסטיק, מען שאצט זייער צאָל אויף דריי ביז פיר טויזנט נפשות, הויפטזעכלעך אין ווארשע, לאָדזש, ווראָצלאוו, קראָקע, שטשעטשין. צו עטלעכע מנינים יידן זענען פאראן אין קאטאָוויץ, סאָסנאָוויץ, ביעלסקאָ, שווידניץ, ליגניץ. אָבער אויך די דאָזיקע לאָקאליזאציע איז נישט קיין גענויע, ווייל אין צענדליקער אנדערע מקומות קאָן מען אָנטרעפן אויף איינצלנע משפחות אָדער אויף יחידים, וועלכע ווינען דאָרט אין א טראגישער איינזאמקייט. זייער עקזיסטענץ איז אן אומעטיקע און לאָזט זיך פארגלייכן מיטן גורל פון יענעם איינציקן לעצטן ייד אין דער הויפטשטאָט פון תימן, אין צנעא: ווען מען האָט פון דאָרט עוואקואירט אלע יידן און די געסלעך פון געטאָ זענען פארבליבן פוסט, האָט זיך נאָך געפונען איין איינציקער זקן, א ייד א קברן, וועלכער האָט נישט געוואָלט פארלאָזן דעם בית־עולם. „דאָ זענען פאראן דורות פון תימנער יידן, עמיץ מוז דאָך מיט זיי פארבלייבן״ — האָט ער געענטפערט, ווען מען האָט אים געפרעגט, פארוואָס ער וויל נישט אוועק צוזאמען מיט זיינע ברידער.

אין די זעכציקער יאָרן האָט מען געקאָנט באגעגענען א סך אזעלכע איינזאמע מענטשן אין די קליינע שטעטלעך פון פוילן — דאָרט ווו מען האָט געמיינט, אז קיין שום ייד איז שוין נישטאָ. זיי האָבן דאָרט וועגעטירט, כמעט תמיד זענען עס געווען מענטשן עלטערע אָדער קראנקע, וועלכע האָבן הינטער זיך געהאט תפיסות, דייטשע לאגערן אָדער רוסישע לאגערן. זיי זענען געווען צעבראָכן פיזיש, טיילמאָל אויך פסיכיש. זיי זענען נישט געווען קיין מאראנען: זיי האָבן אָפן און טיילמאָל אויף א דעמאָנסטראטיוון אופן געטראָגן זייער יידישקייט. אָפט זענען עס געווען, מענטשן, וואָס האָבן פארלוירן דעם גלויבן אין דער וועלט. זייערע געדאנקען, זייער דמיון איז געווען געוואָנדן צום עבר, צו די שאָטנס פון דער אונטערגעגאנגער וועלט — צום חורבן הייליקן אָרט, צום בית־עולם הינטער דער שטאָט.

און אזעלכע הייליקע ערטער, חרובע אָדער נאָך נישט אינגאנצן חרובע, נאָר פארלאָזטע און פאראיינזאמטע זענען פאראן כמעט אין יעדער שטאָט, אין יעדן שטעטל. און עס איז צום באדויערן, אז סיי די יידישע רעליגיעזע קאָנגרעגאציע, סיי דער קולטור־געזעלשאפטלעכער פארבאנד פון די יידן אין פוילן, האָבן נישט באוויזן אין משך פון א פערטל יאָרהונדערט צו שאפן אן אינווענטאריזאציע, א רשימה מיט באשרייבונגען און פאָטאָגראפיעס פון די יידישע הייליקע ערטער, פון די בית־עלמינס און בתי־מדרשים, אויך פון די האלב־חרובע, אין פוילן.

אין צענדליקער שטעט און הונדערטער שטעטלעך, ווו עס זענען שוין נישט פאראן קיין יידן, פארווישט די צייט און די מענטשלעכע גלייכגילטיקייט אלע שפורן פון דעם, וואָס איז דאָרט אמאָל געווען יידיש און הייליק פאר יעדן ייד — עס זיגט די פארגעסנקייט.

איך בין אמאל געקומען אין א קליין שטעטל, ווו עס איז נאָך געשטאנען א חורבה פון א מיטלאלטערלעכער שול אונטער א קופערנעם דאך, מיט טורעמס, פון וועלכע יידן פלעגן זיך אמאָל ווערן פאר די טאָטערן און מסתמא אויך פאר אנדערע שונאים; אין דאָזיקן שטעטל איז נאָך געבליבן איין איינציקע יידישע פרוי — אן אָפגעראטעוועטע פון דער מלחמה דורך אן אוקראינישן דאָקטער. זי האָט מיט אים חתונה געהאט אויף א ציווילן אופן, דאָס הייסט אָן א שמד — און זי איז נישט אוועק פון יידישקייט. און אין יענער שעה, ווען איך האָב זי באזוכט, איז גראָד געווען פרייטיק פארנאכט, איז איר אוקראינישער מאן אנגעקומען פון דער ארבעט און האָט איר דערמאנט, אז עס איז שוין צייט צו בענטשן ליכט, און זי האָט אָנגעטון אויפן קאָפּ א שווארץ זיידן טיכל און זי האָט געבענשט ליכט ביים געדעקטן שבתדיקן טיש. פאראדאָקסאל? עס איז נישט דער איינציקער פאראדאָקס צווישן די רעשטלעך פון פארשניטענעם יידישן ישוב אין פוילן.

אין דעם דאָזיקן שטעטל איז אויך פאראן אן אלטער בית־עולם מיט קברים און מצבות, וואָס האָבן שוין דריי הונדערט יאָר, מיט מצבות אין שאָטן פון פוילישע דעמבעס — דאָרט האָט מען בעת דער מלחמה אין איין טאָג אויסגעשאָסן עטלעכע טויזנט יידן. דער שטאָט־ראט האָט באשלאָסן אויסצוגלייכן דאָס אָרט, באזייטיקן די קברים און מאכן אויפן דאָזיקן אָרט א שפאציר־גאָרטן. די אלטע שול האָט געזאָלט צענומען ווערן, ווייל דווקא דער דאָזיקער פלאץ איז געווען נויטיק פאר א פאבריק.

ערשט נאָך אן אינטערווענץ דורך ראדיאָ און דורך געדרוקטן וואָרט, זענען די פלענער געענדערט געוואָרן, דער בית־עולם איז ארומגעצוימט געוואָרן מיט דראָטן, מען איז אויך צוגעטראָטן צו רעקאָנסטרואירן די שול — היינט געפינט זיך דאָרט א מוזיי פאר רעגיאָנאלער געשיכטע. מוזייען און קונסט־גאלעריעס געפינען זיך אין א גאנצע ריי שולן

אין אַנדערע שטעט. (צ. ב. אין קראָקע, זשעשווו.)

אָבער נישט אומעטום האָט דערגרייכט און געהאָלפן די אינטערוועניץ פון א זשורנאַליסט, צי פון א ייד. אין לעזשייסק האָט מען אויסגעגראָבן די מצבות, מיט וועלכע די דייטשן האָבן ברוקירט די גאַסן, און אויפגעשטעלט פון זיי א דענקמאָל. דאַקעגן אין א שטעטל אויף די אַזוי גערופענע דערַאָבערטע געביטן (פּראַבוטי), איז די שול פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פּראַוואָסלאַוונע צערקווע.



ווער זענען זיי, די פאַרבליבענע אין פּוילן יידן, די ברידער אונדזערע, וואָס וואַרטן יעדן אָוונט ביים ראַדיאָ־אָפּנעמער אויף דעם לעבעדיקן וואָרט, אויף דעם לעבעדיקן גרוס פון ירושלים? זענען זיי רענעגאַטן, וואָס לייקענען אָפּ זייער אָפּשטאַמונג? אויך אַזאַ דערשיינונג איז געווען צו באַמערקן יאָרן־לאַנג, אָבער די וואָס האָבן געפּרוווט אַנטלויפן פון יידישקייט און באַהאַלטן זיך אונטער א פרעמדן נאָמען, און אויך די, וועלכע האָבן יאָ געטראָגן דעם יידישן נאָמען און צוליב אידעאָלאָגישע סיבות געפירט א פאַרביסענעם און נישט תמיד קאָרעקטן קאַמף קעגן יעדן ציוניסטישן געדאַנק, קעגן מדינת ישראל און קעגן עמיגראַציע קיין ישראל, דווקא די דאָזיקע זענען געווען די ערשטע און נעבעכדיקע קרבנות פון דער אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע נאָך 1967. זיי געפינען זיך היינט אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע, א טייל פון זיי איז אויך געקומען קיין ישראל אָבער נישט זיי זענען געווען דער קערן, דער עיקר, נישט זיי זענען געווען די מערהייט פון דער יידישער געזעלשאַפט אין פּוילן מיט צען יאָר צוריק און אויך נישט היינט.

עס האָבן נאָך דער מלחמה אויסגעוואַנדערט פון פּוילן עטלעכע הונדערט טויזנט יידן. איז דען א חידוש, אַז צווישן זיי האָבן זיך געפינען עטלעכע טויזנט, וואָס זייערע פּערזענלעכע, ביי יעדן איינציקן אויף אַן אַנדערן אופן קאָמפּליצירטע טראַגעדיעס, האָבן זיך אַזוי געשטאַלטיקט, אַז זיי האָבן צוליב משפּחה־סיבות, צוליב דעם עלטער אָדער געזונט־מצב, געמוזט פאַרבלייבן דאָרט, ווו זיי האָבן זייער צעבראָכן לעבן נאָך דער מלחמה באַשלאָסן צו פאַרברענגען ביז היינט. טיילמאָל האָט דאָ געווירקט די צוגעבונדנקייט צו דער ירושה, צו דער פּרנסה — אויך אין פיל אַנדערע לענדער, אפילו אין דייטשלאַנד, זעען מיר די זעלבע דערשיינונג אין עטוואָס אַנדערע וואַריאַנטן, אויך אין אַזעלכע לענדער, ווו מען זעט און הערט באַאומרואיקנדיקע סיגנאַלן און דערשיינונגען פון נייעם יידן־האַס.



נישטאָ מער קיין יידן־פּראָבלעם אין פּוילן, ווייל עס איז נישט פאַראַן קיין קאָמפּאַקטער יידישער ישוב. אין דער נאָזשיק־שול אין וואַרשע קען מען טרעפן שבת א מנין יידן, וואָס קומען דאַווענען. אויף דער פאָרשטעלונג פון וואַרשעווער מלוכישן יידישן טעאַטער קומען א צוויי מנינים צושויער, פון וועלכע די העלפט זענען נישט־יידן און הערן א סימולטאַנישע איבערזעצונג פון די דיאַלאָגן דורך ספּעציעלע טרייבלעך. די יידישע צייטונג דערשיינט אין א מינימאַלן טיראַזש — זי ברענגט ידיעות וועגן יידישן לעבן אין דער וועלט און אויך וועגן יידישן לעבן אין ישראל, זי האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אָרגאַן פון אַנטי־ישראלדיקן קאַמף.

די דאָזיקע עטלעכע טויזנט יידן — אונדזערע ברידער — וואָס זענען פאַרבליבן אין פּוילן, בילדן א קליין אינדזל, וואָס האָט נאָך סענטימענט צום יידישקייט, אָבער האָט שוין נישט קיין כוח זיך צו אַנטוויקלען און האָט אויך שוין נישט קיין כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דער כוואַליע פון אַסימילאַציע. איין דור, אפשר אפילו צוויי דורות: דאָס עלטסטע און דאָס מיטעלע טוליעט זיך נאָך צו דער יידישער קאָנגרעגאַציע אָדער צום יידישן קלוב, צום יידישן מינהג. אָבער די אייניקלעך זענען שוין אַלץ מער אָפּגעפרעמדט און עס טרעפט, אַז פּסח פּראַוועט דער זיידע דעם סדר און שבועות האָט דער אייניקל חתונה אין א קירך, ביי א גלח, ביים קלאַנג פון די אָרגלען.

אָט די אַלע דערשיינונגען זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר די קליינע רעשטלעך פון אַמאָליקן גרויסן ישוב אין פּוילן. סיי קאָסמאָפּאָליטישע אַליענאַציע ביי יונגע מענטשן, סיי די טראַגישע צוגעבונדנקייט צום יידנטום פון די אַלטע.

אָבער אויך די דאָזיקע, וועלכע דערוווייטערן זיך פון זייער נאַציאָנאַלן יידישן שטאַם (אַזוי גיך פאַרגעסט מען דאָך נישט!), אָבסערווירן אויפמערקזאַם און מיט אומרו דעם פּאָליטישן באַראָמעטער: וואָס וועט זיין מאָרגן? צי וועט זיך ווידער נישט ענדערן די אָפיציעלע באַציונג צו יידן אין דאָזיקן לאַנד? און — וואָס קומט פאָר אין ישראל? ווייל מען קאָן דאָך נישט וויסן, צי אין א געוויסן טאָג וועט זיך ווידער נישט שאַפן א סיטואַציע, אַז מען וועט דאָך אָננעמען דעם באַשלוס צו עמיגרירן...

און די יידן אין פּוילן ווייסן, אַז ווען זיי וועלן יאָ אַזאַ באַשלוס אָננעמען, וועלן מיר זיי תמיד באַגריסן מיט פאַרשטענדעניש און מיט א "ברוך הבא!".



כמעט טויזנט יאָר האָבן יידן גענומען אָנטייל אין פּוילנס געשיכטע: געהאַנדלט, געבויט, פּאַרטיידיקט, אַריינגעטראָגן מאַטעריעלע און גייסטיקע ווערטן; ביז אין א געוויסער תקופה, ביז אין אונדזער תקופה זענען זיי פאַרטיליקט געוואָרן. די געבליבענע ביים לעבן האָבן דאָס לאַנד פאַרלאָזט, זיי האָבן אויסגעוואַנדערט. דער גרויסער שטראָם פון דער יידישע עמיגראַציע באַלד נאָך דער מלחמה איז געווען אַן אידעאָלאָגישער, א ציוניסטישער און ער האָט געפירט קיין ישראל. די לעצטע עמיגראַציע פון 1967—1969 האָט בלויז טיילווייז דערגרייכט קיין ישראל. אין די זעכציקער יאָרן זענען שוין אין פּוילן קיין ציוניסטן נישט געווען. דאָס אַרויספאָרן פון פּוילן איז אין די דאָזיקע יאָרן געווען אַן ענטפער אויף דער אַנטי־ישראלדיקער פּראָפּאַגאַנדע — א בכבודיקער ענטפער. עס איז געווען א דעמאָנסטראַציע פון אידענטיפיצירן זיך מיט מדינת ישראל און מיטן פאָלק ישראל. און נאָר אַזוי דאַרף מען באַטראַכטן די לעצטע עליה פון פּוילן.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל האָבן מיר איבערגעלאָזט אין פּוילן זייער א סך אויף אַלע געביטן פון מאַטעריעלן און גייסטיקן לעבן און שאַפן. מיר האָבן אויך איבערגעלאָזט דאָס, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּשאַצן און אויסמעסטן — אַזוי פיל,

אז דאָס דאָזיקע לאַנד וועט אונדז קיינמאָל נישט זיין גלייכ־גילטיק: פון כמיעלניצקיס צייטן ביז צו דער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז יידיש בלוט פאַרגאָסן געוואָרן אויף די פוילישע פעלדער — אין צייט פון מלחמה און אין צייט פון פרידן.

אין דאָזיקן לאַנד זענען אומגעבראַכט געוואָרן אונדזערע שוועסטער און ברידער אין אכזריותדיקער גלייכגילטיקייט און איינזאַמקייט. און אין דאָזיקן לאַנד זענען אויך געווען מענטשן זעלטענע און אידעלע, וואָס האָבן אונדז געפּרוווט ראַטעווען און טיילמאָל געראַטעוועט — אויך זיי וועלן מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאָס וואָרט "זשיד" וועלן מיר נישט פאַרגעסן, און דאָס שטיקל ברויט, וואָס עמיץ האָט אונדז דערלאַנגט, און די האַנט וואָס האָט אַמאָל געדריקט ברידערלעך אונדזער יידישע האַנט.

מיר וועלן געדענקען דעם וואַרשעווער בית־עלמין און די אַשן אין מיידאַנעק און אין טרעבלינקע און אין אַשוויענטשים. יעדעס שטעטל, יעדעס געסל, יעדן קבר ביים וואַלד ווו עס רוען די ביינער פון דעם געהרגעטן אומבאַקאַנטן ייד — דאָס זענען אונדזערע הייליקע ערטער, אונדזערע אוצרות, וואָס לאָזן אונדז נישט בלייבן גלייכגילטיק צום דאָזיקן לאַנד.

ווילדגראָז באַוואַקסט די דאָזיקע הייליקייטן אונדזערע. פאַר די יידן פון דער גאַנצער וועלט וועלן זיי תמיד פאַרבלייבן אַן אָרט, ווו עס וועלן קומען דורות אויף קבר־אבות. אַן אָרט, ווו מען דאַרף זאָגן קדיש נאָך אַ פאַרשניטן פאָלק.

ר



ש

# Encyclopaedia of the Jewish Diaspora

A MEMORIAL LIBRARY OF COUNTRIES AND COMMUNITIES

VOLUME XII (WARSAW 3)

Itzhak Gruenbaum Memorial Committee:

Salman Shazar, *President of Israel;* Golda Meir, *Prime Minister*
Moshe Kol, *Minister of Tourism*

# I
# ITZHAK GRUENBAUM
# II
# THE END OF POLISH JEWRY

*Edited by*:
Ch. Barlas, Prof. A. Tartakower, Prof. Dov Sadan



Encyclopaedia of the Jewish Diaspora, Jerusalem, 1973